הכנסת אורחים און אימיגראנט עיד
סאָסייעטי אָוו אמעריקא

# אימיגראציאָנס געזעצע
פון די
# פעראייניגטע שטאאטען



געזעצע פון ערשטען מאי, 1917
און פון אָקטאָבער, 1919



איבערזעצט
פון י. י. פרידמאן

229 איסט בראָדוויי, ניו יאָרק
אָפּטיילונגען:
באָסטאָן, פילאדעלפיא, שיקאגאָ,
סאַן פראנציסקאָ, סיאטל.
יאָקאָהאמא, יאפאן



הכנסת אורחים און אימיגראנט עיד
סאָסייעטי אָוו אמעריקא

# אימיגראציאָנס געזעצע
פון די
# פעראייניגטע שטאאטען

געזעצע פון ערשטען מאַי, 1617
און פון אָקטאָבער, 1919

איבערזעצט
פון י. י. פרידמאן

229 איסט בראָדוויי, ניו יאָרק
אָפּטיילונגען:
באָסטאָן, פילאדעלפיא, שיקאגאָ,
סאן פראנציסקאָ, סיאטל.
יאָקאָהאמא, יאפאן

# די וויכטיגקייט פון זיין באַקאַנט מיט די אימיגראַציאָנס געזעצע פון די פעראייניגטע שטאַאטען

(אנשטאט א הקדמה)

די צוריקשיקונג פון אן אימיגראנט וועלכער האָט זיך מיט דער גרעסטער מיה און מיט אונגעהייערע הוצאות און נאָך א לאנגען גלות ווי עס איז דערשלאָגען צו די טויערען פון אמעריקא, איז איינע פון די ערגסטע טראגעדיעס. אזא פאסירונג איז ביטער גענוג פאר יעדען וואנדערער, אָבער נאָך ערגער איז דאָס פאר דעם אידישען נע ונד'ניק, וועלכער האָט אין די מעהרסטע פעלע קיין פּלאַץ וואו זיך אומצוקערען, קיין ווינקעלע אויפ'ן ערד קוגעל וואו ער זאל זיך קאָנען צוריק איינאָרדנען נאָכדעם ווי ער האָט אויפגעגעבען זיין אַלטע, רואינירטע היים און איז ניט אריינגעלאָזען געוואָרען אין דעם לאַנד פון זיין לעצטער האָפנונג.

צו פארהיטען אזעלכע טראַגעדיעס איז נויטיג אז די אימיגראציאָנס געזעצע פון די פעראייניגטע שטאַטען זאָלען זיין גוט באַקאנט צו אַלע, וועלכע האָבען ברעה צו פאָהרען אהין. די נוצען דערפון זיינען צוויי־פאַכע:

פילע וועלכע וואָלטען ניט אריינגעלאָזען ווערען

ווייל זיי קומען ניט נאָך די פאָדערונגען פון די געזעצע קאָנען, ווען זיי ווייסען פריהער וואָס די געזעצע פאָד־דערן פון זיי, זיך צופּאַסען דערצו, זיך באזאָרגען מיט דאָס וואָס זיי פעהלט לויט די רעגולאציאָנען פאר איינ־וואנדערונג, און דערמיט באזייטיגען די חסרונות וואס די פאראייניגטע שטאַאטען וואלטען זאָנסט געפונען אין זיי. אנשטאַט אויסגעשלאָסען צו ווערען, וועלען זיי פאלגליך ארייגעלאָזען ווערען צוליעב זייער באַ־קאנטשאַפט מיט די געזעצע.

פון דער צווייטער זייט ווידער וועלען די יעניגע, וועלכע וועלען איינזעהן אז זיי זיינען אונגעווינשט אלס אימיגראנטען פאר די פאראייניגטע שטאַאטען, אז זיי וועלען ניט ארייגעלאָזען ווערען לויט די געזעצע, זיך צוריקהאַלטען פון פאָהרען, זיך ניט צוברעכען און ניט לייגען די הוצאות וואָס זיינען פארבונדען מיט אזא רייזע.

צוליעב דיזען צוועק האָט די אימיגראנטען שוץ געזעלשאַפט, בעסער באקאנט אין אמעריקא אלס „הכנסת אורחים און אימיגראנט עיד סאָסייעטי“, פון 229 איסט בראָדוויי, ניו יאָרק, און אין איראָפּא אונ־טער דעם נאָמען „היא׳ס“ (היברו אימיגראנט עיד סאָ־סייעטי) געפונען פאר ראטזאם ארויסצוגעבען די אי־מיגראציאָנס געזעצע פון די פאראייניגטע שטאַאטען אין אידישער איבערזעצונג. דיזע געזעלשאפט האָט עס אלס איהר אויפגאבע צו העלפען אידישע וואנדערער מיט ראטה און טהאַט אויף אלע מעגליכע אופנים. זי האָט אפטיילונגען אין אלע האַפען־שטעדט פון די פאראייניגטע שטאַאטען און שטרעקט שטענדיג אויס א ברידערליכע האַנד צום אידישען אימיגראנט. אין איהר איצטיגע ארבייט אין פוילען, גאליציען, ליטא, עסטרייך און רומעניען צו העלפען די פאראייניגונג

פון אידישע פאמיליעס וואָס די מלחמה האָט צוריסען
זיינען די „אימיגראציאָנס געזעצע פון די פאראייניגטע
שטאַאטען" א וויכטיגע הילף.

דזשאהן ל. בערנשטיין,

פרעזידענט פון הכנסת אורחים און אימי־
גראַנט עיד סאָסייעטי אָוו אַמעריקא.

# עטליכע ווערטער פון איבערזעצער׃

פרעזידענט דזשאהן ל. בערנשטיין פון דער אימי־גראנטען שוץ געזעלשאפט האָט אין זיין איינלייטונג אזוי קלאָר געמאַכט די נויטווענדיגקייט פון זיין באַקאַנט מיט די אימיגראַציאָנס געזעצע פון די פאראייניגטע שטאאטען, אז עס איז פאר מיר איבריג צו פאר־לירען א ווארט וועגען דעם. איך בין זיכער אז דער צוועק פון דער איבערזעצונג וועט ערהייכט ווערען און פיהל זיך גליקליך מיט דער האָפנונג, אז פילע וועלכע וואלטען ניט אריינגעלאָזען ווערען אין די פאראייניג־טע שטאאטען וועלען צוליעב זייער באקאנטשאפט מיט די געזעצע געפינען אן אפענע טיהר פאר זיך און אז א סך אנדערע וועלען זיך איינשפּאָרען די צרות און יסורים פון צוריקגעשיקט ווערען.

וועגען דער איבערזעצונג אליין וויל איך באַמער־קען, אז אזוי ווייט ווי מעגליך בין איך געווען בוכ־שטעבליך טריי צום ענגלישען אריגינאל און האָב נאָר אויסגעלאָזען איינינע קליינינקייטען וואָס האָבען ניט די מינדעסטע שייכות צו אידישע אימיגראציאָן. איך גלויב אז אלעס איז דייטליך און פארשטענדליך טראָץ דעם וואָס צוליעב די לעגאלע און טעכנישע אויסדריקע איז די שפּראַך א ביסעל שווער.

י. י. פרידמאן.

## א פּאָר באמערקונגען:

דער ווארט „פּרעמדער“ („עליען“ אין ענגליש) מיינט אין דיזען געזעץ דאָס זעלבע וואָס אימיגראנט.

די פאראייניגטע שטאאטען (יונייטעד סטייטס אין ענגליש) ווערען פון די מעהרסטע אידען אָנגע־רופען מיט דעם איינציגען וואָרט „אמעריקא“.

# אימיגראציאָנס געזעצע און רעגעלען

---

צו רעגולירען די איינוואנדערונג פון פרעמדע און דאָס וואוינען פון פרעמדע אין די פאראייניגטע שטאאטען.

---

געזעץ פון 5טען פעברואר, 1917.

---

אָ פּ ט י י ל ו נ ג 1. דער וואָרט „פרעמדער“, וואו נאָר ער ווערט געברויכט אין דיזען געזעץ זאָל זיך באציהען אויף אירגענד וועלכע פּערזאָן, וואָס איז ניט געבוירען אין די פאראייניגטע שטאאטען אָדער קיין געוואָרענער בירגער.

אָ פּ ט י י ל ו נ ג 2. עס זאָל ארויפגעלעגט, איינגעמאָהנט און באצאָהלט ווערען א שטייער פון 8 דאָלאר פאר יעדען פרעמדען, דארונטער פרעמדע מאטראָזען רעגעלמעסיג אריינגעלאָזען אזוי ווי עס ווערט ערקלערט אין דיזען געזעץ, וועלכער קומט אריין אין די פאראייניגטע שטאאטען. קינדער אונטער 16 יאָהר אלט, וועלכע באגלייטען זייער פאָטער אָדער מוטער זיינען פריי פון דיזען שטייער. דער דער־מאָנטער שטייער זאָל באצאָהלט ווערען צו דעם איינ־מאָהנער פון אָפּצאָהל (טאמאָזשניע, קאָלעקטאָר אָוו

דער קאָפּ־שטייער און ווער עס איז פטור דערפון

קאָסטאָמס) פון האפען אָדער פון צאָל־אמט (טאַ־מאָזשנע) ראיאָן, וואו דער פרעמדער קומט, דורך דעם קאפיטאן, אגענט אָדער אייגענטימער פון דער שיף, טראנספּאָרטאציאָנס ליניע, אָדער אנדער פאר־קער־מיטעל, וואָס ברייננגט דעם פרעמדען נאָך די פאראייניגטע שטאאטען, אָדער דורך דעם פרעמדען אליין אויב ער קומט ניט אויף א שיף, טראנספּאָר־טאציאָנס ליניע, אָדער אנדער פארקער־מיטעל, אָדער ווען די איינמאָהנונג פון דעם קאפיטאן, אגענט אָדער אייגענטימער פון דער שיף אָדער אנדער פארקער־מיטעל וואָס ברייננגט דעם פרעמדען נאָך די פאר־אייניגטע שטאאטען איז ניט פראקטיש. דער שטייער, וואָס ווערט ארויפגעלייגט דורך דיזער אָפּטיילונג זאָל ווערען א חוב אויף דער שיף אָדער אנדער פארקער־מיטעל, וואָס ברייננגט אזעלכע פרעמדע נאָך די פאר־אייניגטע שטאאטען, און זאָל זיין א שולד צו גונ־סטען פון די פאראייניגטע שטאאטען געגען דעם איי־גענטימער אָדער די אייגענטימער פון אזא שיף אָדער אנדער פארקער־מיטעל, און די צאָהלונג זאָל ארויפ־געצוואונגען ווערען דורך געזעצליכע מיטעל. דער דערמאָנטער שטייער זאָל ניט ארויפגעלעגט ווערען אויף פרעמדע, וועלכע האָבען פאר זייער ארייגקומען אין די פאראייניגטע שטאאטען, געוואָהנט וויינינ־סטענס א יאָהר כסדר אין קענעדע, אין דער רעפּוב־ליק פון קובא אָדער אין דער רעפּובליק פון מעקסיקאָ, און קומען אין די פאראייניגטע שטאאטען מיט דער אבזיכט צו פארברייגגען א קורצע צייט; אויך ניט אויף איינוואוינער אָדער בירגער פון אירגענד וועלכע טעריטאָריע, וואָס באלאנגט צו די פאראייניגטע שטאאטען, אויב זיי זיינען זאָנסט פאסיג ארייגגע־

לאָזען צו ווערען; אויך ניט אויף פרעמדע, וועלכע פאָהרען בלויז דורך די פאראייניגטע שטאאטען (אויף זייער וועג נאָך אן אנדער לאנד); אויך ניט אויף פרעמדע, וועלכע זיינען געזעצליך אריינגעלאָזען געוואָרען אין די פאראייניגט שטאאטען און וועלכע פאָהרען שפעטער פון איין טייל פון די פאראייניגטע שטאאטען נאָך א צווייטען דורך דערבייאיגע טעריטאָריע פון אן אנדער לאנד, און דער הויפּט־קאָמיסאר פון אימיגראציאָן (קאָמישאָנער דזשענעראל אָוו אי־מיגריישאָן), מיט דער צושטימונג פון ארבייטס מי־ניסטער (סעקרעטערי אָוו לייבאָר) זאָל ארויסגעבען רעגעלען און רעגולאציאָנען און פאָרשרייבען די קאָנ־דיציאָנען, וואָס זיינען נויטיג אויסצומיידען, אז דיזע אויסנאמען זאָל ניט מיסברויכט ווערען. דער הויפּט־קאָמיסאר פון אימיגראציאָן, אונטער דער די־רעקציאָן אָדער מיט דער צושטימונג פון ארבייטס מיניסטער, מעג דורך אן אָפּמאך מיט די טראנספּאָר־טאציאָנס ליניען, ווי עס איז באשטימט אין אָפּטיי־לונג 23 פון דיזען געזעץ, ארראנזשירען אויף אן אנדער אופן, ווי עס זאָל באצאָהלט ווערען דער שטייער, וואָס דיזע אָפּטיילונג לייגט ארויף אויף פרעמדע, וועלכע זוכען אריינצוקומען פון דערבייאיגע טעריטאָריע פון אן אנדער לאנד. אין פעלע פון פרעמדע, וועלכע ווילען אריינקומען פון דערבייאיגע טעריטאָריע פון אן אנדער לאנד און ווערען צוריקגעוויזען זאָל דער קאָפּ־שטייער אומגעקערט ווערען צום פרעמדען נאָכ־דעם ווי ער בעט עס דורך א ספּעציעלען פאפּיר פאר דיזען צוועק, וואָס זאָל איהם געגעבען ווערען מיט א געוויסע ערקלערונג וועגן דעם אינהאלט דערפון.

## ווער עס קאָן ניט אריינקומען אין די פאראייניגטע שטאאטען

אפטיילונג 3. די פאָלגענדע קלאסען פון פרעמדע זאָלען אויסגעשלאָסען ווערען פון אריינקומען אין די פאראייניגטע שטאאטען:

אידיאָטען.

וואהנזיניגע.

שוואכזיניגע.

עפילעפטיקער (אזעלכע וואָס האָבען די פאלינע, חולי נופלים).

משוגעים.

פערזאָנען, וועלכע האָבען ווען עס איז פריהער געליטען פון אן אָנפאל פון משוגעת.

פערזאָנען, וועלכע שטעהען אויף א נידריגען גייסטיגען מצב. (דאָס הייסט אזעלכע, וואָס זייער פארשטאנד איז ניט גענוג ענטוויקעלט).

כראָנישע שכורים.

בעטלער, פראָפעסיאָנעלע שנאָרער, וואגאבונדען (ארומטרייבער).

פערזאָנען, וועלכע ליידען פון שווינדזוכט אין אירגענד וועלכע פאָרמע אָדער פון אן אבשייליכע אָדער געפעהרליכע אָנשטעקענדע קראנקהייט.

פערזאָנען, וועלכע געהען ניט אריין אין די אויבען דערמאָנטע קלאסען, אָבער דער דאָקטאָר, וועלכער אונטערזוכט זיי געפינט אויס און באשטעטיגט, אז זיי זיינען גייסטיג אָדער פיזיש פעהלערהאפט אין אזא מדרגה, וואָס קען זיי שטערען צו פערדינען זייער חיונה.

פערזאָנען, וועלכע זיינען פאראורטיילט געוואָרען פאר, אָדער זיינען מודה, אז זיי זיינען באגאנגען א

פארברעכען, וואס שטאמט פון מאראלע געזונקענ־הייט.

פאליגאמיסטען, אדער פערזאנען, וועלכע פראק־טיצירען אדער גלויבען אדער אגיטירען פאליגאמי, (אז מען זאל הייראטען מעהר ווי איין פרוי אדער מעהר ווי איין מאן).

אנארכיסטען, אדער פערזאנען, וועלכע גלויבען אדער אגיטירען, אז מען זאל אומשטירצען מיט גע־וואלט די רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאאטען, אדער אלע פארמען פון געזעץ, אדער וועלכע גלויבען ניט אין, אדער זיינען געגען, ארגאניזירטע רעגירונג, אדער וועלכע פריידיגען צו טויטען פאלק'ס באאמטע, אדער וועלכע אגיטירען פאר די אומגעזעצליכע פאר־ניכטונג פון אייגענטום.

פערזאנען, וועלכע זיינען מיטגלידער פון, אדער געהערען צו, אירגענד וועלכע ארגאניזאציאן, וואס גלויבט ניט און לערנט אומגלויבען אין, אדער געגנער־שאפט צו ארגאניזירטע רעגירונג, אדער וועלכע אגי־טירט אדער לערנט, אז עס איז א פליכט, א נויט־ווענדיגקייט אדער א גלייכע זאך אנצוגרייפען אומ־געזעצליך אדער טויטען אירגענד וועלכען באאמטען אדער באאמטע, סאי ספעציעלע פערזאנען און סאי באאמטע אין אלגעמיין, פון דער רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאאטען אדער פון אירגענד אנדערע ארגאניזירטע רעגירונג צוליב זיין אדער זייער אמט, אדער וואס ראט אדער לערנט די אומגעזעצליכע פאר־ניכטונג פון אייגענטום.

פראסטיטוטקעס (זונות), אדער פערזאנען, וועל־כע קומען נאך די פאראייניגטע שטאאטען מיט דער אבזיכט פון פראסטיטוציאן אדער פון אירגענד אנדער

אוממאָראַלישען צוועק; פּערזאָנען, וועלכע, דירעקט אָדער אינדירעקט, ברייננגען אָדער זוכען צו ברייננגען פּראָסטיטוטקעס אָדער פּערזאָנען פאַר דעם צוועק פון פּראָסטיטוציאָן אָדער פאַר אירגענד אנדער אומ־מאָראַלישען צוועק; פּערזאָנען, וועלכע ווערען אויס־געהאַלטען פון, אָדער קריגען איננאַנצען אָדער טייל־וויַיז די איינגאַמע פון פּראָסטיטוציאָן.

פּערזאָנען וועלכע ווערען דאָ וויַיטער אָנגערופען „קאָנטראַקט ארבייטער", וועלכע מען האָט איינגע־רעדט, געהאָלפען, ערמוטיגט אָדער געבעטען אויסצוואַ־נדערען נאָך אַמעריקא דורך אן אָנבאָט אָדער צו־זאָג פון געבען ארבייט, סאַי דער אָנבאָט אָדער צוזאָג איז געווען אמת אָדער פאַלש, אָדער אלס רעזולטאַט פון אן אָפּמאַך, מינדליך שריפטליך אָדער געדרוקט, וואָס זאָגט דייטליך אָדער גיט אָנצוהערען וועגען טאָן אירגענד וועלכע ארבייט אין דיזען לאַנד; פּערזאָנען, וועלכע קומען אלס רע־זולטאַט פון אַנאָנסען פאַר ארבייטער, וואָס זיינען געדרוקט, ארויסגעגעבען אָדער פאַרשפּרייט אין א פרעמדען לאַנד.

פּערזאָנען, וועלכע זיינען עלול צו פאַלען צו לאַסט אויף דער געמיינדע.

פּערזאָנען, וועלכע זיינען צוריקגעשיקט געוואָרען אונטער אירגענד וועלכע באַשטימונג פון דיזען געזעץ אנן זוכען ווידער אריינצוקומען אין פאַרלויף פון א יאָהר פון דעם טאָג ווען זיי זיינען צוריקגעשיקט גע־וואָרען, סיידען אז איידער זיי זיינען ארויסגעפאָהרען פון אן אויסלענדישען האַפען אָדער פון דערבייאיגע אויסלענדישע טעריטאָריע האָט דער ארבייטס מיני־סטער מסכים געווען, אז זיי זאָלען אויפ'ס ניי בעטען מען זאָל זיי ערלויבען אריינצוקומען.

פערזאָנען, וועמעס שיפסקארטען אָדער רייזע ווערט באַצאָהלט מיט דאָס געלט פון אַן אנדערען, אָדער וועמען עמיצער האָט געהאָלפען קומען אהער, סיידען עס ווערט דייטליך און צופרידענשטעלענד באַוויזען, אז אזעלכע פערזאָנען באלאנגען ניט צו איינע פון די אויבען אויסגערעכענטע אויסגעשלאָסענע קלאסען.

פערזאָנען, וועמעס שיפסקארטען אָדער רייזע ווערט באַצאָהלט פון אַ קאָרפּאָראַציאָן, געזעלשאפט, פאראיין, שטאָדט, אָדער אויסלענדישע רעגירונג, דירעקט אָדער אינדירעקט.

„בלינדע פאסאזשירען“ (פערזאָנען, וועלכע גנב'ענען זיך ארויף אויף א שיף אָהן א שיפסקארטע). אזעלכע פערזאָנען, אויב זיי קומען נאָך די איבריגע באַשטימונגען פון דיזען געזעץ, קענען אריינגעלאָזען ווערען אויב דער ארבייטס מיניסטער וויל עס.

אלע קינדער אונטער 16 יאָהר אלט, וועלכע קומען אומבאגלייט פון די עלטערן אָדער פון פאָטער אָדער פון דערמ וטער. אזעלכע קינדער קאָנען אריינגעלאָזען ווערען אויב לויט דער מיינונג פון ארבייטס מיניסטר זיינען זיי ניט עלול צו פאלען צו לאסט און אויב זיי קומען נאָך די איבריגע באשטימונגען פון דיזען געזעץ.

געבוירענע פון געוויסע געגענדען פון אזיען און דערבייאיגע אינזלען, וואָס געהערען ניט צו די פאראייניגטע שטאאטען, סיידען אז עס איז אנדערש אָפּגעמאכט אין עקזיסטירענדע טראקטאטען.

(ווען א צוריקגעוויזענער פרעמדער איז הילפלאָז דורך א פיזישע אָדער גייסטיגע קראנקהייט און איז געקומען אהער אין באגלייטונג פון אן אנדער פרעמ-

דען אין וועמעס שוץ און אויפפאסונג ער נויטיגט זיך, קען דער באגלייטער אויך צוריקגעשיקט ווערען מיט איהם). *)

(א פערזאָן וואָס קומט פון דערבייאיגע טערי־טאָריע פון אַן אנדער לאנד אין די פאראייניגטע און קאָן ניט באווייזען, אז ער איז געקומען אין יענער לאנד דורך א טראנספּאָרטאציאָנס געזעלשאפט, וואָס איז נאָכגעקומען די באשטימונגען פון דעם געזעץ אָדער אז ער האָט געוואוינט אין יענער טעריטאָריע מעהר ווי צוויי יאָהר איידער ער האָט געזוכט אריינ־צוקומען אין די פאראייניגטע שטאאטען). **)

## דער בילדונגס עקזאמען

אויסער די אויבענאויסגערעכענטע פרעמדע, וועל־כע זיינען אויסגעשלאָסען פון אריינקומען אין די פאראייניגטע שטאאטען, זאָלען פאָלגענדע פערזאָנען אויך אויסגעשלאָסען ווערען:

אַלע פרעמדע איבער 16 יאָהר אלט, וועלכע זייי־נען פיזיש פעהיג צו לעזען, אויב זיי קענען ניט לעזען די ענגלישע שפּראַך אָדער אירגענד וועלכע אַנדער שפּראַך אָדער דיאַלעקט, אידיש און העברעאיש אריינגערעכענט.

אירגענד וועלכער פרעמדער, וועלכער איז פאסיג אריינגעלאָזען צו ווערען, אָדער א פרעמדער, וועלכער איז שוין געזעצליך אריינגעלאָזען געוואָרען, אָדער אַ בירגער פון די פאראייניגטע שטאאטען מעג מיט־

---

*) דיזער פונקט געפינט זיך אין אפטיילונג 18 פון דיזען געזעץ.

**) דיזער פונקט געפינט זיך אין אָפּטיילונג 23 פון דיזען געזעץ.

ברייננען אָדער שיקען נאָך זיין פאָטער אָדער זיידען אויב זיי זיינען איבער 55 יאָהר אַלט; זיין ווייב; זיין מוטער; זיין באָבע; זיין אומפארהייראטע טאָכ־טער אָדער זיין טאָכטער, וועלכע איז געבליבען אַן אלמנה, אויב זיי קומען נאָך די איבריגע באשטימונ־גען פון געזעץ, סאי זיי קענען לעזען און סאי ניט, און אַזעלכע קרובים זאָלען ערלויבט ווערען אריינצוקומען.

כדי פעסטצושטעלען אויב פרעמדע קענען לעזען זאָלען די אימיגראַנט אינספעקטאָרען פארזאָרגט ווע־רען מיט שטיקלעך פאפיר פון גלייכען גרויס, וואָס זאָלען צוגעגרייט ווערען אונטער דער דירעקציאָן פון ארבייטס מיניסטער. יעדע זאָל ענטהאלטען ניט ווע־ניגער ווי 30 און ניט מעהר ווי 40 ווערטער — פון געוועהנליכען געברויך, געדרוקט אין פשוט'ע לעזבא־רע שריפט אין איינע פון די פארשידענע שפראַכען אָדער דיאַלעקטען פון די אימיגראַנטען. יעדער פרעמדער קאָן אליין באשטימען די ספּעציעלע שפּראַך אָדער דיאַלעקט, אין וועלכע ער וויל דער פאַרהער זאָל געמאכט ווערען, און ער איז מחויב צו לעזען די ווערטער, וואָס זיינען געדרוקט אויפ'ן צע־טעלע אין דיזער שפּראַך אָדער דיאַלעקט.

---

## ווער עס איז פטור פון בילדונגס עקזאמען

פאָלגענדע פערזאָנען זאָלען זיין פטור פון דעם בילדונגס עקזאמען:

אַלע פרעמדע, וועלכע איבערצייגען צו דער צו־פרידענהייט פון געהעריגען אימיגראַציאָנס באאמטען אָדער פון דעם ארבייטס מיניסטער, אז זיי זוכען אריינצוקומען אין די פאראייניגטע שטאַאַטען כדי אויסצומיידען רעליגיעזע פארפאָלגונג אין דעם לאַנד

וואו זיי האָבען לעצטענס געהאט זייער שטענדיגע דירה, סאי די פארפאָלגונג צייגט זיך ארויס דורך אָפענע מעשים אָדער דורך געזעצע אָדער רעגירונג'ס רעגולאציאָנען, וואָס מאכען אויסנאמען געגען דעם פרעמדען אָדער נעגען די ראסע צו וועלכע ער באַלאנגט, צוליעב זיין רעליגיעזען גלויבען.

אַלע פרעמדע, וועלכע זיינען געזעצליך אריינגעלאָזען געוואָרען אין די פאראייניגטע שטאאטען און וועלכע האָבען דאָרט געוואוינט כסדר פינף יאָהר און וועלכע קערען זיך אום נאָך די פאראייניגטע שטאאַטען אין פארלויף פון 6 מאָנאט פון דעם טאָג ווען זיי זיינען פון דאָרט אָפגעפאָהרען.

אלע פרעמדע, וועלכע פאָהרען דורך די פאראייניגטע שטאאַטען (אוי פא רייזע נאָך אַן אַנדער לאַנד).

אלע פרעמדע, וועלכע זיינען געזעצליך אריינגעלאָזען געוואָרען אין די פאראייניגטע שטאטען און וועלכע פאָהרען דערנאָך פון איין טייל פון די פאראייניגטע שטאאטען נאָך א צווייטען דורך דערבייאיגע טעריטאָריע פון אן אנדער לאנד.

קיין זאך אין דיזען געזעץ זאָל אויסשליסען, אויב זיי זיינען זאָנסט פאסיג אריינצוקומען, פערזאָנען וועלכע זיינען פאראורטיילט געוואָרען פאר, אָדער גיבען צו, אז זיי זיינען באגאנגען, אָדער וועלכע לערנען אָדער אגיטירען צו באגעהן, א ריין-פאָליטישען פארברעכען.

די באשטימונגען פון דיזען געזעץ אין באצוג צו אזעלכע, וואָס זייער שיפסקארטע אָדער רייזע איז באצאָהלט געוואָרען פון א קאָרפּאָראציאָן, געזעלשאפט, פאראיין, שטאָדט, אָדער פרעמדע רעגירונג זאָלען ניט אָנגעווענדעט ווערען אויף שיפסקארטען

אָדער רייזע הוצאות פון פרעמדע, וועלכע האלטען אין מיטען פון א כסדר'דיגע דורכרייזע דורך די לענדישע טעריטאָריע.

## ווער עס איז ניט אונטערוואָרפען אונטער דעם געזעץ געגען קאָנטראַקט ארבייטער

פאך־ארבייטער (בעלי מלאכות), אויב זיי זיינען זאָנסט פאסיג ארייגעלאָזען צו ווערען, מעגען אימפּאָרטירט ווערען אויב אומבאַשעפטיגטע ארבייטער פון זעלבען סאָרט קענען ניט געפונען ווערען אין דיזען לאנד, און די פראַגע וועגען אימפּאָרטירען אזעלכע ארבייטער אין אירגענד וועלכען ספּעציעלען פאל קאָן באשטימט ווערן פון ארבייטס מיניסטער אויף דער אפּליקאציע פון אירגענד וועלכע פאראינטערעסירטע פערזאָן. אזא אפּליקאציע מוז אָבער געמאכט ווערען איידער דער ארבייטער ווערט אימפּאָרטירט און דער באשלוס פון ארבייטס מיניסטער מוז קומען נאָך א פולען פארהער און אן אונטערזוכונג פון די פאקטען.

די באשטימונגען פון געזעץ וועגען קאָנטראַקט־ארבייטער זאָלען ניט אויסשליסען פּראָפעסיאָנעלע אקטיאָרען, ארטיסטען, לעקטאָרס, (לעקטשורערס, רעדנער), זינגערס, קראנקענווערטערינס (נוירסעס), גייסטליכע פון אירגענד וועלכען רעליגיעזען גלויבען, פּראָפעסאָרען פון אוניווערזיטעטען אָדער סעמינאַרען (אוניווערזיטעטען אָדער שולען וואו מען שטודירט צו ווערען א גייסטליכער אָדער רב), פּערזאָנען, וועלכע באלאנגען צו אן אנערקענטע געלערענטע פּראָפעסיאָן, אָדער פּערזאָנען, וועלכע זיינען באשעפטיגט אלס הויזליכע דינסטען אָדער דינער.

פרעמדע, וועלכע קערען זיך אום נאָך א צייט־ווייליגע אָפּוועזענהייט צו א ניט אויפגעגעבענע

וואוינשאפט פון 7 יאָהר כסדר אין די פאראייניגטע שטאאטען מעגען אריינגעלאָזען ווערען אויב דער ארבייטס מיניסטער וויל עס און אונטער אזעלכע קאָנדיציאָנען, וואָס ער וועט באשטימען.

קיין זאך אין די פונקטען וועגען קאָנטראקט ארבייטער אָדער בילדונגס עקזאמען זאָל אויסגע־טייטשט ווערען צו פארהיטען, שטערען אָדער באַ־שרענקען אירגענד וועלכען אויסלענדישען אויסשטע־לער, אָדער אימיצען וואָס האָט א קאָנצעסיע אָדער פריווילעגיע פאר אירגענד וועלכער אויסשטעלונג וואָס איז ערלויבט דורך א געזעץ פון קאָנגרעס, צו ברענגען אין די פאראייניגטע שטאאטען, אונטער קאָנטראקט, אזעלכע פרעמדע מעכאניקער, בעלי מלאכות, אגענטען, אָדער אנדערע ארבייטער, געבאָ־רענע פון זיין לאנד, וואָס זיינען נויטיג איינצופיהרען אָדער אויפצופיהרען זיין אויסשטעלונג אָדער צוצע־גרייטען פאר איינפיהרען אָדער אויפפיהרען אירגענד וועלכע קאָנצעסיע אָדער פריווילעגיע וואָס איז געגע־בען געוואָרען אָדר מעג געגעבען ווערען דורך אזא אויסשטעלונג אין פארבינדונג דערמיט, אונטער אזעל־כע רעגעלען און רעגולאציאָנען וואָס דער הויפט אי־מיגראציאָנס־קאָמיסאר קאָן ארויסגעבען מיט דער צו־שטימונג פון ארבייטס מיניסטער וועגען די אריינלאָ־זונג און דאָס צוריקפאָהרען פון אזעלכע פערזאָנען.

דער הויפט אימיגראציאָנס קאָמיסאר מיט דער צו־שטימונג פון ארבייטס מיניסטער זאָלען ארויסגעבען רעגעלען און באשטימען קאָנדיציאָנען, דארונטער אויך דאָס פאָדערען אזעלכע געלד־ערבות (באָנדס) וואָס קאָנען זיין נויטיג, צו קאָנטראָלירען און רעגולי־רען די אריינלאָזונג און דאָס צוריקפאָהרען פון פרעמ־דע, וועלכע קאָנען זאָנסט ניט אריינגעלאָזען ווערען

און בעטען מען זאָל זיי ערלויבען צו פארבלייבען צייטווייליג.

קיין זאך אין דיזען געזעץ זאָל אויסגעטייטשט ווערען אז מען קאָן עס אַנווענדען אויף באפּאָלמעכטיגטע בעאמטע פון אויסלענדישע רעגירונגען, אויף זייערע סוויטעס, פאמיליען אָדער געסט.

---

## שטרענגע שטראָפען פאר אימפּאָרטירען אונמאָראַלישע פּערזאָן.

אָפּטיילונג 4. דאָס אימפּאָרטירען אירגענד וועלכען פרעמדען נאָך די פאראייניגטע שטאַאטען פאר דעם צוועק פון פּראָסטיטוציאָן, אָדער פאר וועלכען עס איז אנדער אונמאָראלישען צוועק, איז פארבאָטען; און ווער עס וועט, דירעקט אָדער אינדירעקט, אימפּאָרטירען אָדער פּרובירען אימפּאָרטירען אין די פאראייניגטע שטאאטען אירגענד וועלכען פרעמדען פאר דעם צוועק פון פּראָסטיטוציאָן אָדער פאר וועלכען עס איז אנדער אונמאָראלישען צוועק, אָדער וועט האַלטען אָדער פּרובירען האַלטען אירגענד וועלכען פרעמדען פאר אזא צוועק נאָך אזא אומגזעצליכער אימפּאָרטירונג, אָדער וועט האָבען, אויסהאַלטען, קאָנטראָלירען, שטיצען, באשעפטיגען, אָדער ארייננעמען אין אירגענד וועלכען הויז אָדער אנדער פּלאַץ פאר דעם צוועק פון פּראָסטיטוציאָן אָדער אירגענד אנדער אונמאָראלישען צוועק, אירגענד וועלכען פרעמדען וואָס איז אומגעזעצליך אימפּאָרטירט געוואָרען, זאָל אין יעדען פאַל באטראכט ווערען שולדיג אין א פארברעכען, און ווען ער ווערט פאראורטיילט דערפאר זאָל ער באשטראָפט ווערען מיט געפענגניס אויף א טערמין פון ניט מעהר ווי צעהן יאָהר און מיט א

געלד שטראָף פון ניט מעהר ווי 5,000 דאָלאר. דער פלאַץ פאר דעם משפט און פאר דער באשטראָפונג זאָל זיין אין דעם ראַיאָן, אין וועלכען דער פרעמדער ווערט געבראַכט אלס רעזולטאט פון דער דערמאָנטער אימפּאָרטירונג דורך א פערזאָן, אָדער פערזאָנען וועלכע ווערען באשולדיגט, אָדער אין אירגענד וועלכען ראַיאָן וואו עס קומט פאָר אן איבערטרעטונג פון וועלכע עס איז פון די דערמאָנטע באשטימונגען פון דיזער אפּטיילונג.

אירגענד וועלכער פרעמדער, וועלכער וועט, נאָכדעם ווי ער איז אויסגעשלאָסען און צוריקגעשיקט געווארען אָדער ארעסטירט און צוריקגעשיקט געוואָרען אלס רעזולטאט פון די באשטימונגען פון דיזען געזעץ וואָס באציהט זיך אויף פּראָסטיטוטקעס, פרויען־הענדלער אָדער ענליכע אונמאָראלישע פערזאָנען, פּרובירען זיך אומצוקעהרען אָדער אריינצוקומען אין די פאראייניגטע שטאאטען, זאָל באטראכט ווערען שולדיג אין שלעכטע אויפפיהרונג, און ווען ער וועט דערפאר פאראורטיילט ווערען זאָל ער באשטראָפט ווערען מיט געפענגנים אויף א טערמין פון ניט מעהר ווי 2 יאָהר. אין אלע פּראָצעסען אונטער דיזע אפּטיילונג זאָל דאָס עדות־זאָגען פון א מאַן אָדער ווייב צוגעלאָזען ווערען און אָנגענומען ווערען אלס געהעריגע באווייזע פון איינעם געגען צווייטען.

---

## שטרענגע שטראָפען פאר אימפּאָרטירען קאָנטראקט ארבייטער

אָ פּ ט י י ל ו נ ג 5. עס זאָל זיין אומגעזעצליך פאר אירגענד א פערזאָן, געזעלשאפט, שותפים, אָדער קאָרפּאָראציאָן אויף אירגענד וועלכען אופן צו באצאָ־

לען די רייזע געלד אָדער אויף וועלכען עס איז אופן איינצורײדען, העלפּען, ערמוטיגען אָדער בעטען, אָדער צו פּרובירען איינרעדען, העלפּען, ערמוטיגען אָדער בעטען די אימפּאָרטירונג אָדער איינוואנדערונג פון אירגענד וועלכען קאָנטראקט ארבייטער אין די פאראייניגטע שטאאטען, סיידען אזא קאָנטראקט ארבייטער אָדער אזעלכע קאָנטראקט ארבייטער מעגען אריינקומען לויט דעם פינפטען פּונקט פון דער דריטער אפּטיילונג פון דיזען געזעץ, אָדער זיינען אימפּאָרטירט געוואָרען מיט דער ערלויבניש פון ארבייטס מיניסטער אין איינקלאנג מיט דעם פירטען פּונקט פון דער דערמאָנטער אפּטיילונג, און פאר יעדער איבערטרעטונג פון וועלכע עס איז באשטימונג פון דיזען געזעץ זאָל די פּערזאָן, שותפים, געזעלשאפט אָדער קאָרפּאָראציאָן וואָס באגעהט די איבערטרעטונג באצאָהלען פאר יעדען חטא אזעלכען די סומע פון טויזענד דאָלאר וואָס קאָן געפאָדערט און איינגעמאָנט ווערען דורך די פאראייניגטע שטאאטען ווי א חוב אויף אן ענליכע סומע, פאר וועלכען מען קאָן קלאָגען און איינמאָנען אין די געריכטען פון די פאראייניגטע שטאאטען. פאר יעדער איבערטרעטונג פון דיזע באשטימונגען קאָן די פּערזאָן וואָס באגעהט די איבערטרעטונג פארקלאָגט ווערען קרימינעל פאר שלעכטע אויפפיהרונג און ביים געפונען ווערען שולדיג באשטראָפט ווערען מיט טויזענד דאָלאר אָדער מיט געפענגניס אויף א טערמין פון ניט ווענינער ווי 6 מאָנאט און ניט מעהר ווי צוויי יאָהר; און סיי אונטער דעם ציוויל פּראָצעס און סיי אונטער דעם קרימינאל פּראָצעס וואָס זיינען דאָ דערמאָנט געוואָרען, קאָנען באזונדערע פּראָצעסען געמאכט ווערען פאר יעדען פרעמדען וועלכער איז צוגעזאָגט אָדער אָנגעבאָטען געוואָרען בא-

שעפטיגונג אזוי ווי עס איז אויבען אָנגעגעבען געוואָרען. דער יוסטיץ מיניסטעריום (דעפּארטמענט אָוו דזשאָסטיס) מיט דער צושטימונג פון ארבייטס מיניסטעריום (דעפּארטמענט אָוו לייבאָר) קאָן פון די ערהאלטענע שטראָף געלדער באצאָהלען א באלוינונג צו די פּערזאָנען, אויסער רעגירונגס אָנגעשטעלטע, וועלכע שטעלען צו ידיעות וואָס פיהרען דערצו אז דיזע שטראָף געלדער זאָלען איינגעמאָנט ווערען, אָדער צו דעם ארעסט און די באשטראָפונג פון אירגענד וועלכע פּערזאָן ווי עס איז באשטימט אין דיזער אפּטיילונג.

אָ פּ ט י י ל ו נ ג 6. עס זאָל זיין אומגעזעצליך און עס זאָל באטראכט ווערען אלס איבערטרעטונג פון דער פינפטער אפּטיילונג פון דיזען געזעץ איינצורעדען, העלפען, ערמוטיגען, אָדער בעטען אָדער צו פּרובירען איינצורעדען, העלפען, ערמוטיגען אָדער בעטען אירגענד וועלכען פרעמדען צו קומען נאָך די פאראייניגטע שטאאטען דורך א פארשפּרעכען פון באשעפטיגונג דורך אנאָנסען, געדרוקט, ארויסגעגעבען, אָדער פארטיילט אין אירגענד וועלכען פרעמדען לאנד, סיי אזא צוזאָג איז אמת אָדער פאלש, און ענטווערער די ציווילע אָדער קרימינעלע שטראָף אָדער ביידע שטראָפען וואָס ווערען ארויפגעלעגט דורך דער דערמאָנטער אפּטיילונג קאָנען אָנגעווענדעט ווערען אין אזא פאל.

---

## שיפס־געזעלשאפטען טאָרען ניט ערמוטיגען אימיגראציאָן

אָ פּ ט י י ל ו נ ג 7. אז עס זאָל זיין אומגעזעצליך פאר אירגענד וועלכער פּערזאָן, געזעלשאפט, שותפים, קאָרפּאָראציאָן, אָדער אנדערע וועלכע גיבען

זיך אָפּ מיט טראַנספּאָרטירען פרעמדע נאָך אָדער אין די פּאַראייניגטע שטאַאטען, אַריינרעכענענדיג אייגענטהימער, בעאַמטע און אַגענטען פון שיפען, דירעקט אָדער אונדירעקט, דורך שריפטליכע, געדרוקטע אָדער מינדליכע ערקלערונגען, דורך באַצאָהלען מעקלעריי צו א פרעמדען, וועלכער קומט אין די פּאַראייניגטע שטאַאטען, דורך אַראָפּגעבען א ראַבאַט צו א פרעמדען וועלכער קומט אין די פּאַראייניגטע שטאַאטען, אָדער אויף אַן אַנדער אופן צו בעטען, איינלאַדען אָדער ערמוטיגען אירגענד וועלכען פרעמדען צו קומען נאָך די פּאַראייניגטע שטאַאטען, און יעדער איינער וואָס וועט איבערטרעטען וועלכע עס איז באַשטימונג דערפון זאָל זיין אונטערוואָרפען ענטוועדער אונטער דעם ציוויל אָדער קרימינאַל משפּט, אָדער אונטער ביידע, וואָס זיינען פאָרגעשריבען אין דער פינפטער אָפּטיילונג פון דיזען געזעץ. אָדער אויב עס וועט זיך ארויסצייגען צו דער צופרידענהייט פון ארבייטס מיניסטער אַז אירגענד וועלכער אייגענטהימער, בעאַמטער אָדער אַגענט פון א שיף האָט געבראַכט אָדער פאַראורזאַכט אַז עס זאָל געבראַכט ווערען אין א האַפען פון די פּאַראייניגטע שטאַאטען אירגענד וועלכער פרעמדער וואָס איז אויף דיזען אופן געבעטען, איינגעלאַדען אָדער ערמוטיגט געוואָרען צו קומען דורך אַזא אייגענטהימער, בעאַמטער אָדער אַגענט באַצאָהלען צום איינמאָנער פון אָפּצאָהל (קאָלעקטאָר אָוו קאָסטאָמס) פון דעם ראיאָן אין וועלכען דער באַטרעפענדער האַפען געפינט זיך אָדער אין אירגענד וועלכען האַפען וואו א שיף פון דער ליניע געפינט זיך, די סומע פון 400 דאָלאַר פאַר יעדע איינציגע איבערטרעטונג; און קיין שיף זאָל קריגען איהרע אָפּפאָהר־פּאַפּירען ביז עס ווערט ענטשיידעט די פראַגע וועגען די שולדיג־

קיים צו באצאָהלען אזא שטראָף אָדער אזוי לאנג ווי די שטראָף בלייבט אומבאצאָהלט. אזא שטראָף זאָל ניט צוריקגעגעבען אָדער צוריקגעצאָהלט ווערען. אָפּ־פאָהר־פּאפּירען מעגען אָבער ארויסגעגעבען ווערען איידער די פראגע ווערט באשלאָסען, אויב עס ווערט איינגעלעגט ביים איינמאָהנער פון אָפּצאָהל א סומע וואָס איז גענוג צו דעקען אזא שטראָף. ווען עס וועט זיך ארויסצייגען צו דער צופרידענהייט פון ארבייטס מיניסטער אז די באשטימונגען פון דיזער אפּטיילונג ווערען כסדר איבערגעטרעטען פון אָדער פאר א טראנספּאָרטאציאָנס געזעלשאפט, זאָל עס זיין די פפליכט פון דערמאָנטען מיניסטער אוועקצונעמען פון אזא געזעלשאפט די פּריווילעגיע צו לאנדען פרעמדע אימיגראנטען־פּאסאזשירען פון אירגענד וועלכער, אָדער אלע קלאסען אין די האפענס פון די פאראיי־ניגטע שטאאטען פאר אזא פעריאָדע וואָס איז לויט זיין אנזיכט נויטיג צו מאכען זיכער די אָפּהיטונג פון די באשטימונגען פון געזעץ. דיזע אפּטיילונג זאָל אָבער ניט אויסגעטייטשט ווערען צו פארבאָטען טראנספּאָרטאציאָנס געזעלשאפטען ארויסצוגעבען בריף, צירקולארען אָדער אנאָנסען וואָס זיינען שטרענג באשרענקט אויף באקאָנט מאכען אז זייערע שיפען פאָהרען אָפּ און די באדינגונגען און באקוועהמ־ליכקייטען פון פאָהרען אויף זיי.

אונטער די אפּטיילונגען 5, 6 און 7 פון דיזען געזעץ זאָל פון דעם פאקט אז אירגענד וועלכע פערזאָן, געזעלשאפט, שותפים, קאָרפּאָראציאָן אָדער פאראיין באאיינפלוסט, העלפט, ערמוטהיגט, בעט אָדער לא־דעט איין די אימפּאָרטירונג פון א פרעמדען פון אן אנדער לאנד נאָך די פאראייניגטע שטאאטען, פאר־

שטאנען ווערען אז דער שולדיגער האָט געוואוסט אז דער וואנדערער איז א פרעמדער.

---

## שטרענגע שטראָפען פאר אריינשמוגלען אימיגראנטען

א פ ט י י ל ו נ ג 8. אירגענד וועלכע פערזאָן, דארונטער דער קאפיטאן, אגענט, אייגענטימער אָדער דער יעניגער צו וועמען די שיף איז אדרעסירט, וואָס וועט ברייננגען אָדער לאנדען אין די פאראייניגטע שטאטען, דורך א שיף אָדער אויף אן אנדער אופן אָדער וועט פרובירען אליין אָדער דורך אימיצען אנדערש צו ברייננגען אָדער לאַנדען אין די פאראייניגטע שטאַטען, דורך א שיף אָדער אויף אנאנדער אופן, אָדער וועט באַהאַלטען אָדער אריינגעמען, אָדער פרובירען באהאלטען אָדער אריינגעמען אָדער העלפען אן אנדערען צו באהאַלטען אָדער אריינגעמען אין אירגענד וועלכען פלאץ, אריינרעכענענדיג אירגענד וועלכע געביידע, שיף, באהן־וואגאן, פארקער־מיטעל אָדער וואָגען, אירגענד וועלכען פרעמדען, וועלכער איז ניט געזעצליך אריינגעלאָזען געוואָרען דורך אן אימיגראנטען־אינספעקטאָר אָדער וועלכער איז ניט געזעצליך בארעכטיגט אריינצוקומען אָדער צו וואָהנען אין די פאראייניגטע שטאַאטען אונטער די באדינגונגען פון דיזען געזעץ, זאָל באטראכט ווערען אלס שולדיג אין שלעכטע אויפפיהרונג, און אויב ער ווערט פאראורטיילט קאן ער באשטראָפט ווערען מיט א סומע פון ניט מעהר ווי 2,000 דאלאר און מיט געפענגניס אויף א טערמין פון ניט מעהר ווי 5 יאָהר פאר יעדען איינציגען פרעמדען, וועלכער האָט אזוי געלאנדעט אָדער איז אזוי געבראכט געוואָרען אָדער א פארזוך איז

געמאַכט געוואָרען איהם צו לאַנדען אָדער אריינברענ־
גען.

---

## שווערע שטראָפען פאַר אימפּאָרטירען משוגעים אָדער אנשטעקענדע קראנקע.

אפטיילונג 9. עס זאָל זיין אונגע־
זעצליך פאר אירגענד וועלכע פּערזאָן, דארונטער א
טראנספּאָרטאציאָנס געזעלשאַפט אויסער באַהנען,
וואס קומען אריין אין די פאראייניגטע שטאאטען פון
דערבייאיגע פרעמדע טעריטאָריעס, אָדער דער איי־
גענטימער, קאַפּיטאַן, אַגענט פון א שיף, אָדער דער
יעניגער, צו וועמען די שיף איז אדרעסירט, צו בריינ־
גען נאָך די פאראייניגטע שטאאטען, סאַי פון א
פרעמדע לאַנד און סאַי פון די אינזלען וואס געהערען
צו די פאראייניגטע שטאאטען, אירגענד וועלכען
פרעמדען, וועלכער ליידעט פון אידיאָטסטוואָ,
משוגעת, וואהנזיניגקייט, שוואכזיניגקייט, עפּילעפּ־
סיע (פאַליגע, חולי נופלים), נידריגען גייסטיגען צו־
שטאַנד, כראָנישע שכרות, שווינדזוכט אין אירגענד
וועלכע פאָרמע, אָדער אן אבשייליכע אָדער געפעהר־
ליכע אנשטעקענדע קראנקהייט, און אויב עס וועט זיך
ארויסצייגען צו דער צופרידענהייט פון ארבייטס מי־
ניסטער, אַז אירגענד וועלכער פרעמדער, וועלכער איז
אויף דיזען אופן געבראַכט געוואָרען אין די פאראיי־
ניגטע שטאאטען האָט געליטען פון אירגענד איינע פון
די דערמאָנטע קראנקהייטען אָדער פעהלערען אין דער
צייט ווען ער האָט זיך געזעצט אויף דער שיף, און אז
די עקזיסטענץ פון דער קראנקהייט אָדער פון דעם
פעהלער האָט געקענט אויפגעדעקט ווערען דורך א גע־
העריגע מעדיצינישע אונטערזוכונג אין יענער צייט,

זאָל אזא פערזאָן, אָדער טראַנספּאָרטאַציאָנס געזעל־שאַפט, אָדער דער קאַפּיטאַן, דער אייגענטימער, אַגענט פון דער שיף, אָדער דער יעניגער צו וועמען די שיף איז אדרעסירט, באַצאָהלען צום איינמאָהנער פון אבצאָהל אין דעם ראַיאָן פון דעם האַפען אין וועלכען די שיף קומט אריין, די סומע פון 200 דאלאר, און דערצו אויך א סומע וואָס איז גלייך צו דאָס, וואָס דער פרעמדער האָט באצאָהלט פאר זיין רייזע פון דעם ערשטען פונקט, פון וועלכען ער איז אפּגע־פאָהרען, וואָס איז אנגעגעבען אין זיין שיפסקארטע, ביז דעם האַפען אין וועלכען ער איז אָנגעקומען, פאר יעדע איינציגע איבערטרעטונג פון די באשטימונגען פון דיזען געזעץ. די לעצטע סומע (די רייזע־געלד) זאָל דורך דעם איינמאָהנער פון אבצאָהל איבערגע־געבען ווערען צום פרעמדען צוליעב וועלכען די שטראָף איז ארויפגעלייגט געוואָרען. עס זאָל אויך זיין אונגעזעצליך פאר אירגענד וועלכע פערזאָן פון דיזען סאָרט צו ברייננגען אין וועלכען עס איז האַפען פון די פאראייניגטע שטאַאטען אירגענד וועלכען פרעמדען, וועלכער ליידעט פון א גייסטיגען פעהלער, וואָס איז ניט ספּעציעל אָנגעגעבען פריהער, אָדער א פיזישען פעהלער, וואָס קאן באריהרען זיין פעהיגקייט צו פארדינען אויף חיונה, ווי עס איז ערקלערט אין דער דריטער אבטיילונג פון דיזען געזעץ, און אויב עס וועט זיך ארויסצייגען צו דער צופרידענהייט פון ארבייטס־מיניסטער אז אירגענד וועלכער פרעמדער, וואס איז אזוי געבראכט געוואָרען נאָך די פאראיי־ניגטע שטאַאטען האָט געליטען פון דעם פעהלער אין דער צייט פון זיין אבפאָהרען פון אויסלאַנד און אז די עקזיסטענץ פון אזא גייסטיגען אָדער פיזישען פעהלער האָט געקענט אויפגעדעקט ווערען אין יענער

צייט דורך א געהעריגע מעדיצינישע אונטערזוכונג, זאָל אזא פערזאָן באצאָהלען צום איינמאָהנער פון אבצאָהל פון דער געגענד אין וועלכער עס געפינט זיך דער האפען, וואו די שיף איז אָנגעקומען, די סומע פון 25 דאלאר, און דערצו אויך א סומע וואס איז גלייך צו דאָס, וואָס אזא פרעמדער האָט באצאָהלט פאר זיין רייזע פון דעם ערשטען פונקט פון וואנען ער איז אפּגעפּאָהרען, ווי דאָס איז אָנגעגעבען אין זיין שיפסקארטע פאר יעדע איינציגע איבערטרעטונג פון דיזער באשטימונג און די לעצטע סומע זאל דורך דעם איינמאָהנער פון אבצאָהל איבערגעגעבען ווערען צו דעם פרעמדען צוליעב וועמען די שטראָף איז ארויפגעלעגט געוואָרען. עס זאל אויך זיין אונגעזעצליך פאר אירגענד וועלכע פערזאָן פון דיזען סאָרט צו ברייגען אין די פאראייניגטע שטאאטען אירגענד וועלכען פרעמדען, וועלכער איז אויסגעשלאָסען דורך די באשטימונגען פון דער דריטער אבטיילונג פון דיזען געזעץ, ווייל ער קאן ניט לעזען, אָדער וועלכער איז אויסגעשלאָסען צוליעב די באדינגונגען פון דער דריטער אבטיילונג פון דיזען געזעץ אלס א געבאָרענער פון יענעם טייל פון אזיען אָדער די דערבייאיגע אינזלען וואָס זיינען באשריבען אין יענער אבטיילונג, און אויב עס וועט זיך ארויסצייגען צו דער צופרידענהייט פון ארבייטס מיניסטער, אז דיזע חסרונות האָבען געקענט ענטדעקט ווערען דורך אנווענדען א מעסיגע פארזיכטיגקייט איידער אזעלכע פרעמדע זיינען אבגעפאָהרען פון אן אויסלענדישען האפען, זאָל אזא פערזאָן באצאָהלען צום איינמאָהנער פון אָבצאָהל פון דער געגענד אין וועלכער עס געפינט זיך דער האפען, וואו די שיף איז אָנגעקומען, די סומע פון 200 דאלאר, און דערצו אויך אזא סומע וואָס איז גלייך צו דאָס, וואס

אזא פרעמדער האָט באַצאָהלט פאר דער רייזע פון דעם ערשטען פונקט פון וועלכען ער איז אפּגעפאָהרען, ווי דאָס איז אָנגעגעבען אין זיין שיפסקארטע, ביז דעם האפען אין וועלכען ער איז אָנגעקומען, פאר יעדע איינציגע איבערטרעטונג פון דיזער באשטימונג, און די לעצטע סומע זאָל איבערגעגעבען ווערען דורך דעם איינמאָהנער פון אָבצאָהל צו דעם פרעמדען צוליעב וועלכען די שטראָף איז ארויפגעלייגט געוואָרען. און קיין שיף זאָל באַקומען אבפאָהר פאפירען אזוי לאנג ווי עס איז נאָך ניט ענטשיידעט די פראגע פון דער שולדיגקייט צו באצאָהלען דיזע שטראָפען, אָדער אזוי לאנג ווי די שטראָפען זיינען אונבעצאָהלט, און אזעלכע שטראָפען זאָלען ניט צוריקגעצאָהלט אָדער אומגע־קערט ווערען. אָבפאָהר פאפירען מעגען אָבער ארויסגע־געבען ווערען איידער אזעלכע פראגען ווערען ענטשיי־דעט, אויב עס ווערט איינגעלייגט א סומע וואָס איז גנוג צו דעקען דיזע שטראָפען. קיין זאך וואס געפינט זיך אין דיזער אבטיילונג זאָל אויסגעטייטשט ווערען צו אונטערוואַרפען טראנספּארטאציאָנס געזעלשאפטען צו א שטראָף פאר ברייגנען אין האפענס פון די פאר־איינינגטע שטאאטען אזעלכע פרעמדע, וועלכע זיינען דורך אירגענד וועלכע פון די באשטימונגען אָדער אויסנאַמען פון דער דריטער אבטיילונג פון דיזען גע־זעץ, פטור פון די אויסשליסענדע פונקטען פון דער דערמאָנטער אבטיילונג.

---

## פארבאָט צו לאַנדען אין א צייט אָדער פּלאַץ וואָס זיינען ניט באַשטימט פון באאמטען.

א פּ ט י י ל ו נ ג 10. עס זאָל זיין די פליכט פון יעדער פערזאָן, דארונטער אייגענטימער, אָדער

באאמטע און אגענטען פון שיפען, פון טראנספּארטא־ציאָנס ליניען, אָדער אינטערנאציאָנאלע בריקען אָדער שלאַנגבוים־שאָסעען (שאָסעען, וואָסב יים אריבערגעהן זיי דארף מען באצאָהלען א געוויסען אבצאָהל), אוי־סער באהן־ליניען, וועלכע מעגען שליסען א קאנטראקט ווי עס איז באזאָרגט אין דער 23־טער אבטיילונג פון דיזען געזעץ, וואָס בריינגט א פּרעמדען אָדער גרייט צו מעגליכקייטען פאר א פּרעמדען צו קומען צו איר־גענד וועלכען האפען אָדער לאנד־גרענעץ פון די פאר־אייניגטע שטאאטען, צו פּארהיטען די לאנדונג פון אזא פּרעמדען אין די פאראייניגטע שטאאטען אין איר־גענד וועלכע צייט אָדער פּלאַץ אויסער ווי עס איז באשטימט פון די אימיגראציאָנס בעאמטע, און די פּארנאכלעסיגונג פון אירגענד וועלכע פּערזאָן פון די־זען סאָרט, אייגענטימער, בעאמטער, אָדער אגענט פון נאָכצוקומען די אויבען־דערמאָנטע פאָדערונג פון גע־זעץ זאָל באטראכט ווערען אלס שלעכטע אויפפיהרונג און ווען אימיצער ווערט פאראורטיילט דערפאר, זאָל ער באשטראָפט ווערען פאר יעדען פאל ניט ווייניגער ווי מיט 200 דאלאר און ניט מעהר ווי 1000 דאלאר, אָדער מיט געפענגניס אויף א טערמין פון ניט ווייניגער ווי א יאָהר, אָדער מיט ביידע שטראָפען צוזאמען; אָדער, אויב לויט דער מיינונג פון ארבייטס־מיניסטער איז עס אונפּראקטיש אָדער אונבאקוועם צו פּראָצע־סירען די פּערזאָן, אייגענטימער, בעאמטען, אָדער אגענט פון אזא שיף, זאָל א שטראָף פון 1000 דאלאר געלעגט ווערען אלס חוב אויף דער שיף וועמעס איי־גענטימער, קאפּיטאן, בעאמטער אָדער אגענט איבער־טרעט די באשטימונגען פון דיזער אבטיילונג, און אזא שיף זאָל פּארקלאגט ווערען אין א פּאסענדען געריכט פון די פּאראייניגטע שטאאטען.

## װעגען פארהאלטען אימיגראנטען פאר אן אונ־ טערזוכונג.

א פ ט י י ל ו נ ג 11. פאר דעם צװעק צו באשליסען אױב פרעמדע, װעלכע קומען אָן אין האַ־ פענס פון די פאראײניגטע שטאאטען בעלאנגען צו אירגענד װעלכע פון די קלאַסען װאָס זײנען אױסגעש־ שלאָסען דורך דיזען געזעץ, סאַי דורך דעם װאָס זײ לײדען פון װעלכע עס איז פון די קראנקהײטען אָדער גײסטיגע אָדער פיזישע פעהלערען אָדער אונפעהיגקײ־ טען װאָס זײנען דערמאָנט אין דער דריטער אבטײלונג פון דיזען געזעץ, אָדער דורך אנדערע סבות, אָדער װען נאָר דער ארבײטס מיניסטער האָט ערהאַלטען א ידיעה װאָס צײגט, אז אירגענד װעלכע פרעמדע קומען פון א לאַנד, אָדער האָבען זיך געזעצט אױף א שיף אין א פּלאַץ, װאו אירגענד װעלכע פון די דערמאָנטע קראנק־ הײטען געהען אָן אָדער זײנען עפּידעמיש, קאן דער הױפּט קאָמיסאַר פון אימיגראַציאָן, מיט דער צושטי־ מונג פון ארבײטס מיניסטער, הײסען, אז אזעלכע פרעמדע זאָלען פארהאלטען װערען אױף דער שיף װאָס ברײנגט זײ, אָדער אין אן אימיגראציאָנס סטאנציאָן פון די פאראײניגטע שטאַאטען אױף די קאָסטען פון אזא שיף, װי די אומשטענדען װעלען פאָדערען אָדער בארעכטיגען, א גענינגענדע צײט װאָס זאל מאַכען מעגליך פאר די אימיגראציאָנס בעאַמטע און מעדיצי־ נישע בעאַמטע װעלכע געפינען זיך אין אזעלכע האַ־ פענס צו אונטערװארפען די פרעמדע אונטער א בע־ אָבאכטונג און אונטערזוכונג, װאָס זאָלען זײן גענו־ גענד צו באשליסען, אױב זײ באלאנגען צו די דערמאָנ־ טע אױסגעשלאָסענע קלאסען דורך דעם װאָס זײ זײנען אָנגעשטעקט פון די קראנקהײטען, אָדער ניט. כדי אױסצומײדען אוננױטיגען פארלוסט פון צײט בײם

לאַנדען פּאַסאַזשירען אָדער אויסצומיידען שטערונג פון האַנדעל, מעג דער הויפּט־קאָמיסאַר פון אימיגראַציאָן ביים באַשליסען וועגען אַריינלאָזען אַזעלכע פּאַסאַ־מיט דער צושטימונג פון ארבייטס מיניסטער, ארויס־געבען אַזעלכע רעגולאַציאָנען, וואָס זאָלען ניט זיין אין ווידערשפּרוך מיט'ן געזעץ, וואָס קאָנען זיין נויטיג צו עררייכען דעם צוועק פון דיזער אבטיילונג. עס זאָל זיין די פּליכט פון די אימיגראַציאָנס אינספּעקטאָרס צו באַריכטען דעם הויפּט קאָמיסאַר פון אימיגראַציאָן דעם צושטאַנד פון אַלע שיפען וואָס ברייגנען פרעמדע נאָך די האַפענס פון די פאַראייניגטע שטאַאטען.

---

## אַמעריקאַנער אינספּעקטאָרס זאָלען מיטפאָהרען אויף אימיגראַנטען שיפען

אַ פּ ט י י ל ו נ ג 11 א. דער ארבייטס מי־ניסטער ווערט דאָ באַפאָלמעכטיגט און אויפגעפאָדערט צו פיהרען פאַרהאַנדלונגען, דורך דעם אויסערן מיני־סטעריום (דעפּאַרטמענט אָף סטייט), מיט לענדער וועל־מענס שיפען ברייגנען פרעמדע אין די פאַראייניגטע שטאַאטען מיט דער אבזיכט אייעקצושטעלען אינ־ספּעקטאָרס און אויפפּאַסערס פון דער אימיגראַציאָנס דינסט פון די פאַראייניגטע שטאַאטען, אויף שיפען, וועלכע פיהרען אימיגראַנטען אָדער עמיגראַנטען צווי־שען אויסלענדישע האַפענס און האַפענס פון די פאַר־אייניגטע שטאַאטען. ווען אַזעלכע אינספּעקטאָרס און אויפפּאַסערס ווערען באַשטימט פאַר דער דערמאָנטער פּליכט זאָלען זיי פאַרבלייבען אין יענעם טייל פון דער שיף, וואו אימיגראַנטען ווערען געפיהרט; און עס זאָל זיין זייער פּליכט צו באַטראַכטען אַזעלכע פּאַסאַזשירען אין פאַרלויף פון דער רייזע און צו באַריכטען צו די

אימיגראציאָנס בעאמטע אין דעם האפען וואו די שיף קומט אָן אירגענד וועלכע ידיעה, וואָס איז וויכטיג ביים באשליסען וועגען אריינלאָזען אזעלכע פאסא־זשירען וועלכע זיינען זיי באקאָנט געוואָרען אין פאר־לויף פון דער רייזע.

---

## מען מוז צושטעלען ליסטען מיט ידיעות וועגען אלע אימיגראנטען

אָפּטיילונג 12. ביים אָנקומען פון איר־גענד וועלכען פרעמדען איבער'ן וואסער אין אירגענד וועלכען האפען פון די פאראייניגטע שטאאטען אויף דעם נאָרד אמעריקאנישען קאָנטינענט פון אן אויסלענ־דישען האפען אָדער פון א האפען פון די פיליפינען אינזלען, גואם, פארטאָ ריקא, אָדער האוואי, אָדער אין אירגענד וועלכען האפען פון די דערמאָנטע אינזלען וואָס באלאנגען צו די פאראייניגטע שטאאטען, פון אירגענד וועלכען אויסלענדישען האפען, פון א האפען אין די פאראייניגטע שטאאטען אויף דעם נאָרד אמע־ריקאנישען קאָנטינענט, אָדער פון א האפען פון אנדע־רע אינזלען וואָס באלאנגען צו די פאראייניגטע שטאא־טען, זאָל עס זיין די פליכט פון דעם קאפיטאן, אייגענ־טימער, אָדער די יעניגע צו וועמען עס איז אדרעסירט די שיף וואָס פיהרט דעם דערמאָנטען פרעמדען, אי־בערצוגעבען צו די אימיגראציאָנס בעאמטע אין דעם האפען וואו די שיף קומט אָן מאשין־געשריבענע אָדער געדרוקטע ליסטען אָדער מאניפעסטען וואָס זענען גע־מאכט אין דער צייט און אין דעם פלאץ וואו דער דערמאָנטער פרעמדער האָט זיך געזעצט אויף דער שיף, וואָס זאָלען, אין ענטפער אויף פראגען וואָס שטעהען פון אויבען אויף דער דערמאָנטער ליסט,

ענטהאַלטען פולע און ריכטיגע ידיעות וועגען יעדען פרעמדען ווי פאָלגט: פולען נאָמען, אַלטער, און געשלעכט; אויב פארהייראט אָדער אונפארהייראט; בארוף אָדער באשעפטיגונג; פערזענליכע באשרייבונג (פּרימעטעס) דארונטער די הויך, הויט־פארב, קאָליר פון האָר און אויגען, און סמנים לויט וועלכע מען קאָן איהם דערקענען; אויב פעהיג צו לעזען אָדער שרייבען; נאַציאָנאַליטעט; געבורטס לאנד; ראסע; דאָס לאַנד וואו ער האָט לעצטענס געהאט זיין שטענדיגע דירה; נאָמען און אדרעס פון דעם נאָהענטסטען קרוב אין דעם לאַנד פון וועלכען דער פרעמדער איז געקומען; דער האפען וואו ער לאַנדעט אין די פאראייניגטע שטאאטען; וואוהין ער פארט ווייטער פון דעם האפען וואו ער לאַנדעט; אויב ער האָט א בילעט ביז יענעם פונקט; ווער עס האָט באצאָהלט פאר דער רייזע; אויב ער באזיצט 50 דאלאר, און אויב ווייניגער, וויפיעל; אויב ער פאָהרט צו א קרוב אָדער פריינד, און אויב יאָ, וואס פאר א קרוב אָדער פריינד, און זיין אָדער איהר נאָמען און פאלשטענדיגע אדרעסע; אויב ער איז ווען עס איז פריהער געוועזען אין די פאראייניגט עשטאאטען, און אויב יא, ווען און וואו; אויב ער איז ווען עס איז געוועזען אין געפענגנים אָדער אין א הויז פאר ארימע אָדער אן אנשטאלט אָדער האספּיטאל וואו מען באהאנדעלט אין מען פאסט אויף אויף משוגעים; אויב ער איז ווען עס איז געשטיצט געוואָרען פון צדקה; אויב ער איז א פּאָליגאמיסט (איינער וואָס גלויבט אין האָבען מעהר ווי איין פרוי אָדער מעהר ווי איין מאַן); אויב ער איז אן אנארכיסט; אויב ער גלויבט אָדער אגיטירט צו שטירצען איבער געוואלט די רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאאטען אָדער אלע פאָרמען פון געזעץ, אָדער וועלכער גלויבט ניט אָדער איז געגען ארגאניזירטע רעגירונג, אָדער

וועלכער אגיטירט צו טויטען רעגירונגס בעאמטע, אָדער וועלכער אגיטירט אָדער לערענט די אונגעזעצלי־כע פארניכטונג פון אייגענטום, אָדער איז א מיטגליד פון אָדער איז פארבונדען מיט אירגענד וועלכע אָרגאַ־ניזאציאָן וואָס האלט און לערענט אונגלויבען אין אָדער געגנערשאפט צו אָרגאניזירטע רעגירונג, אָדער וואָס לערענט די אונגעזעצליכע פארניכטונג פון איי־גענטום, אָדער וואס אגיטירט אָדער לערענט די פליכט, נויטיגקייט, אָדער פאסיגקייט פון אונגעזעצליך אָנ־גרייפען אָדער טויטען אירגענד וועלכען בעאמטען אָדער בעאמטע, סאי ספעציעלע יחידים אָדער בעאמטע אין אלגעמיין, פון דער רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאאטען אָדער פון אירגענד וועלכע אנדערע אָרגאַ־ניזירטע רעגירונג צוליעב זיין אָדער זייער אָפיציעלער שטעלונג; אויב ער קומט צוליעב אן אנבאָט, ביטע, צוזאָג, אָדער אבמאך, וואָס איז געמאכט געוואָרען דייטליך אָדער אין אן אָנצוהערעניש, צו טאָן ארבייט אין די פאראייניגטע שטאאטען; דעם פרעמדען׳ס גע־זונדהייטס צושטאנד, גייסטיג און פיזיש; אויב ער איז א קאליקע, און אויב יא, ווי לאנג און פון וועלכער אורזאכע; אויב ער קומט מיט דעם אבזיכט זיך אומ־צוקערען צו דעם לאנד פון וועלכען אזא פרעמדער קומט נאָך א צייטווייליגע ארבייט אין די פאראייניגטע שטאאטען; און אזעלכע אנדערע ידיעות וואָס וועלען העלפען ביים באשליסען, אויב אזא פרעמדער באלאנגט צו וועלכע עס איז פון די אויסגעשלאָסענע קלאסען, וואָס זענען אויסגערעכענט אין דער דריטער אבטיילונג פון דיזען געזעץ; און אזא קאפיטאן אָדער קאָמאנדיר, אייגענטימער, אָדער די יעניגע צו וועמען די שיף איז אדרעסירט זאָלען אויך צושטעלען ידיעות וועגען דעם געשלעכט, אלטער, רייזע־קלאסע און דעם אבפאהר־

האפען פון אנקומענדע פאסאזשירען, וועלכע זענען בירגער פון די פאראייניגטע שטאטען. עס זאל אויך זיין די פליכט פון קאפיטאן אדער קאמאנדיר פון יעדער שיף וואס נעמט אויף פאסאזשירען פון אירגענד וועלכען האפען פון די פאראייניגטע שטאטען אויף דעם נארד אמעריקאנישען קאנטינענט נאך אן אויסלענדישען האפען אדער א האפען פון די פיליפינען אינזלען, גואם, פארטא ריקא, אדער האוואי, אדער פון וועלכען עס איז האפען פון די דערמאנטע אינזלען, וואס באלאנגען צו די פאראייניגטע שטאטען, נאך אירגענד וועלכען אויסלענדישען האפען, נאך א האפען פון די פאראייניגטע שטאטען אויף דעם נארד אמעריקאנישען קאנטינענט, אדער נאך א האפען פון אן אנדער אינזעל וואס באלאנגט צו די פאראייניגטע שטאטען, איבערצוגעבען צו די אימיגראציאנס באאמטע פאר'ן אבפאהרען א ליסטע וואס זאל ענטהאלטען פולע און ריכטיגע ידיעות וועגען פאלגענדע אנגעלעגענהייטען אין באצוג צו אלע פרעמדע פאסאזשירען, און אלע בירגער פון די פאראייניגטע שטאטען אדער פון די אינזלען וואס באלאנגען צו די פאראייניגטע שטאטען, וועלכע פאהרען אפ מיט דער אויסגעשפראכענער אבזיכט צו וואוינען שטענדיג אין א פרעמדער לאנד, וועלכע ווערען אויפגענומען אויף דער שיף: נאמען, אלטער און געשלעכט; אויב פארהייראט אדער ניט; בארוף אדער באשעפטיגונג; אויב ער קאן לעזען אדער שרייבען; נאציאנאליטעט; געבורט'ס לאנד; לאנד פון וועלכער ער איז א בירגער אדער אונטערטאן; ראסע; לעצטער שטענדיגער וואהנארט אין די פאראייניגטע שטאטען אדער אינזלען וואס באלאנגען צו זיי; אויב א בירגער פון די פאראייניגטע שטאטען אדער פון די אינזלען וואס באלאנגען צו זיי, צו ער איז

אַ דאָרטיגער אַ געבאָרענער אָדער נאַטוראַליזירטער (געוואָרענער) בירגער; אויב אַ דאָרטיגער געבאָרענער, דעם פּלאַץ און טאָג פון געבורט אָדער אויב אַ נאַטוראַליזירטער — די שטאָדט, אין וועלכער ער איז נאַטוראַליזירט געוואָרען; וואו ער רעכנט זיך צו באַזעצען אויף שטענדיג אין דער צוקונפט; די צייט און האַפען פון זיין לעצטען אָנקומען אין די פאַראייניגטע שטאַטען, אָדער אינזלען וואָס באַלאַנגען צו זיי; און אזא קאַפּיטאַן אָדער קאָמאַנדיר זאָל אויך צושטעלען ידיעות וועגען דער געשלעכט, אלטער, רייזע־קלאַסע און אַבפאָהר האַפען פון אבדייזענדע בירגער פון די פאַראייניגטע שטאַטען, וועלכע האָבען ניט בדעה זיך צו באַזעצען אויף שטענדיג אין אויסלאַנד, און קיין קאַפּיטאַן פון אַזאַ שיף זאָל קריגען אבפאהר־פאַפּירען פאר זיין שיף ביז ער האָט צוגעשטעלט אזא ליסטע אָדער ליסטען צו די אימיגראַציאָנס בעאַמטע אין דעם אבפאהר האַפען און געשוואָרען אַז זיי זענען פול און פולשטענדיג אין באַצוג צו די נעמען און אנדערע ידיעות וואָס ווערט דאָרט געפאָדערט וועגען יעדע פּערזאָן פון די אויסגערעכענטע קלאַסען וואָס ער האָט ארויפגענומען אויף זיין שיף; און אירגענד וועלכע פאַרנאַכלעסיגונג אָדער פארפעלונג נאָכצוקומען די פאָדערונגען פון דיזער אבטיילונג זאל זיין באַשטראַפבאַר ווי עס איז באַשטימט אין דער פערצעהנטער אבטיילונג פון דיזען געזעץ. אין פעלע פון שיפען וואָס מאַכען רעגעלמעסיגע רייזען נאָך האַפענס פון די פאַראייניגטע שטאַטען, כעג דער הויפּט־קאָמיסאר פון אימיגראַציאָן, מיט דער צושטימונג פון ארבייטס מיניסטער, ווען נויטיג אראַנזשירען, אַז אַזעלכע ליסטען פון אבפאָהרענדע פרעמדע זאָלען צוגעשטעלט ווערען שפּעטער. עס זאָל זיין די פליכט פון אימיגראַציאָנס בעאַמטע צו פאַרשרייבען

פאָלגענדע ידיעות וועגען יעדען פרעמדען איינוואָהנער, ניט־בירגער און בירגער, וועלכע פארלאָזען די פאר־איינינגטע שטאטען דורך די גרענעצען פון קענעדע און מעקסיקא צו וואָהנען שטענדיג אין אויסלאנד: נאָמען, אלטער און געשלעכט; אויב פארהייראט אָדער אונפארהייראט; בארוף אָדער באשעפטיגונג; אויב ער קאן לעזען אָדער שרייבען; נאציאָנאליטעט; געבורטס לאנד; לאנד פון וועלכע ער איז א בירגער אָדער אונטערטאן; ראסע; זיין לעצטען שטענדיגען וואָהנאָרט אין די פאראייניגטע שטאטען; וואו ער האָט בדעה זיך צו באזעצען אויף שטענדיג אין דער צוקונפט; און צייט און האפען פון זיין לעצטען אָנקומען אין די פאראייניגטע שטאטען; און אויב ער איז א בירגער פון די פאראייניגטע שטאטען, צו ער איז א דאָרטיגער געבאָרענער אָדער נאטוראליזירטער.

---

## אונטערזוכונג פון שיף דאָקטוירים

אָ פּ ט י י ל ו נ ג 13. אלע פרעמדע, וועלכע קומען איבער'ן וואסער נאָך די האפענס פון די פאר־איינינגטע שטאטען זאָלען פארצייכענט ווערען אויף דער ליסטע אין באקוועמע גרופען. די נעמען פון די יעניגע, וועלכע קומען פון דערזעלבער געגענד זאָלען אזוי ווייט ווי עס לאָזט זיך געשטעלט ווערען צוזאמען, און קיין איינציגע ליסטע אָדער מאניפעסט זאָל ענט־האלטען מעהר ווי 30 נעמען. צו יעדען פרעמדען אָדער פארשטעהער פון א פאמיליע זאָל געגעבען ווערען א קארטעל, אויף וועלכער עס זאל זיין אנגעשריבען זיין נאָמען, א נומער אָדער בוכשטאב וואָס באצייכענט די ליסטע, אין וועלכע זיין נאָמען און אנדערע ידיעות וואָס דיזער געזעץ פאָדערט געפינען זיך, און זיין נו־

מער אויף דער דערמאָנטער ליסטע, לייכטער צו מאַכען איהם צו דערקענען ביי זיין אָנקומען. יעדע ליסטע אָדער מאַניפעסט זאָל באשטעטיגט ווערען דורך דער אונטערשריפט און שבועה פון דעם קאַפּיטאַן אָדער קאָמאַנדיר אָדער פון א נידעריגערן בעאַמטען פאַר אַן אימיגראַציאָן בעאַמטען אין דעם האַפען וואו די שיף קומט אָן, וואָס זאָל לויטען, אַז ער האָט פאַראורזאַכט, אַז דער דאָקטאָר פון דער שיף זאָל מאַכען א פיזישען און גייסטיגען עקזאַמען פון יעדען פון די דערמאָנטע פרעמדע, און אז פון דעם באַריכט פון דערמאָנטען דאָקטאָר און פון זיין אייגענע אונטערזוכונג גלויבט ער, אַז קיינער פון די פרעמדע באַלאַנגט צו אירגענד וועל־כע פון די קלאַסען, וואָס זיינען אויסגעשלאָסען פון אריינגעלאָזען ווערען אין די פאַראייניגטע שטאַטען דורך דער דריטער אבטיילונג פון דיזען געזעץ, און אויך, אַז לויט זיין בעסטען וויסען און גלויבען איז די אינפאַרמאַציע אין די דערמאָנטע ליסטען אָדער מאַני־פעסטען וועגען יעדען פון די פרעמדע, וועמעס נעמען זענען דאָרט אָנגעגעבען, ריכטיג און אמת אין יעדער הינזיכט. דער דאָקטאָר פון דער דערמאָנטער שיף, וועלכער פאָהרט אויף איהר, זאָל אויך אונטערשרייבען יעדע פון די דערמאָנטע ליסטען אָדער מאַניפעסטען און שווערען אויף אַן עהנליכען אופן פאַר אַן עמיגראַ־ציאָנס בעאַמטען אין דעם האַפען וואו די שיף קומט אָן, אָנגעבענדיג זיין פּראָפעסיאָנעלע ערפאַהרונג און פאַסיגקייט אלס דאָקטאָר און כירורג, און אַז ער האָט געמאַכט א פּערזענליכען עקזאַמען פון יעדען פון די דערמאָנטע פרעמדע וועמעס נעמען זיינען דאָרט פאַראַן, און אַז די דערמאָנטע ליסטע אָדער מאַניפעסט איז, לויט זיין בעסטען וויסען און גלויבען, פולשטענ־דיג, ריכטיג און אמת אין אלע איינצעלהייטען וועגען

דעם גייסטיגען און פיזישען צושטאַנד פון די דערמאָנ־
טע פרעמדע. אויב קיין דאָקטאָר פאָהרט אויף דער שיף
וואָס ברייננגט פרעמדע, זאָלען די גייסטיגע און פיזישע
אונטערזוכונגען און די באשטעטיגונג פון די ליסטען
אָדער מאניפעסטען געמאַכט ווערען פון א קאָמפּעטענ־
טען דאָקטאָר, וועלכער איז אָנגעשטעלט פון די אייגענ־
טימער פון די דערמאָנטע שיפען, און די מאניפעסטען
זאָלען באשטעטיגט ווערען פון אזא דאָקטאָר פאר א
קאָנסולאר בעאַמטען פון די פאראייניגטע שטאַטען
אָדער אן אנדער בעאַמטען, וועלכער איז באַפולמעכ־
טיגט צו געבען א שבועה, אז אויב אירגענד וועלכע
ענדערונגען אין דעם צושטאַנד פון אזעלכע פרעמדע
טרעפען אָדער ענטוויקלען זיך אין פארלויף פון דער
רייזע אויף דער שיף אויף וועלכער זיי פאָהרען, זאָלען
אזעלכע ענדערונגען אָנגעצייכענט ווערען אויפ'ן מאַ־
ניפעסט איידער דיזער דאָקומענט ווערט באַשטעטיגט.

---

## שווערע שטראָפען פאַר ניט צושטעלען די ליסטען

א פ ט י י ל ו נ ג 14. עס זאָל זיין אונגע־
זעצליך פאר דעם קאַפּיטאַן אָדער קאָמאנדיר פון איר־
גענד וועלכע שיף, וואָס ברייננגט פרעמדע נאָך די פאר־
אייניגטע שטאַטען, אָדער פיהרט זיי ארויס פון דאָרט,
זיך צו ענטזאַגען אָדער צו פארפעהלען צוצושטעלען
צו די אימיגראציאָנס בעאַמטע די פּינקטליכע און פולע
מאַניפעסטען אָדער ערקלערונגען אָדער ידיעות וועגען
אלע פרעמדע, וועלכע געפינען זיך אויף דער שיף
אָדער ווערען אויף איהר ארויפגענומען, וואָס ווערען
געפאָדערט לויט דיזען געזעץ, און אויב עס זאָל זיך
ארויסציינען צו דער צופרידענהייט פון ארבייטס־

מיניסטער, אז עס איז געווען אזא ענטזאגונג אָדער פארפעהלונג (צוצושטעלען די מאניפעסטען) אָדער אז די צוגעשטעלטע ליסטען זיינען ניט ריכטיג און פולשטענדיג, זאָל אזא קאפּיטאן אָדער קאָמאַנדיר פון שיף באצאָהלען צו דעם איינמאָנער פון אָבצאָהל אין האפען וואו די שיף קומט אָן די סומע פון 10 דאלאר פאר יעדען פרעמדען וועגען וועמען אזא פינקטליכער און פולער מאניפעסט אָדער ערקלערונג אָדער אינפארמאציע איז ניט צוגעשטעלט, אָדער וועמען דער מאַניפעסט אָדער ערקלערונג אָדער אינפארמאציע איז ניט צוגעגרייט און געשוואָרען ווי דיזער געזעץ פאָדערט. קיין שיף זאָל באקומען אָבפאָהר פאפּירען איידער עס איז ענטשיידעט די פראגע פון דער שולדיגקייט צו באצאָהלען אזא שטראָף, און אזא שטראָף זאל ניט צוריקגעצאָהלט אָדער אומגעקערט ווערען. אָבפאָהר־פאפּירען מעגען אָבער ארויסגעגעבען ווערען איידער אזא פראגע ווערט ענטשיידעט, אויב עס ווערט איינגעלייגט ביים איינמאָנער פון אבצאָהל א סומע, וואָס איז גענוג צו דעקען די שטראָף.

---

## אימיגראציאָנס באאמטע מוזען איבערזעהן אלע אימיגראנטען.

א פ ט י י ל ו נ ג 15. ווען אין האפען פון די פאראייניגטע שטאטען קומט אן אירגענד וועלכע שיף, וואָס ברייננגט פרעמדע זאָל עס זיין די פליכט פון די געהעריגע אימיגראציאָנס בעאמטע צו געהן אליין אָדער צו שיקען קאָמפּעטענטע געהילפען אויף דער שיף און דאָרט איבערקוקען אלע אזעלכע פרעמדע, אָדער אזעלכע אימיגראציאָנס בעאמטע מעגען הייסען צייטווייליג אריבערפיהרען אזעלכע פרעמדע פאר אן

עקזאמען אין א באשטימטער צייט און פּלאַץ, אָבער אַזאַ צייטווייליגע אריבערפיהרונג זאָל ניט באטראַכט ווערען אלס לאַנדונג, און זאָל אויך ניט באפרייען שי־פען, טראַנספּאָרטאַציאָנס ליניען, קאָמאַנדירען, אַגענ־טען, אייגענטימער אָדער די יעניגע צו וועמען עס ווערט געשיקט די שיף, אויף וועלכער די דערמאָנטע פרעמדע ווערען געבראַכט נאָך אירגענד וועלכען האפען פון די פאראייניגטע שטאַטען פון די פארפליכטונגען, וואָס, ווען די פרעמדע זאָלען בלייבען אויף דער שיף, וואָלטען די דערמאָנטע שיפען, טראַנספּאָרטאַציאָן לי־ניען, קאַפּיטאַנען, אַגענטען, אייגענטימער, אָדער די יעניגע, צו וועמען די שיף ווערט געשיקט געווען אונ־טערוואָרפען אונטער זיי, לויט די באשטימונגען פון דיזען געזעץ. אזוי לאַנג אָבער ווי די אריבערפיהרונג ווערט געמאַכט אויף א פלאַץ, וואָס באלאַנגט אָדער ווערט קאָנטראָלירט פון די פאראייניגטע שטאַטען, זאָלען די דערמאָנטע שיפען, טראַנספּאָרטאַציאָנס לי־ניען, קאַפּיטאנען, אגענטען, אייגענטימער אָדער די יעניגע צו וועמען די שיף איז געשיקט, זיין פריי פון דער פאראַנטוואָרטליכקייט פון אבהיטען אזעלכע פרעמדע. ווען נאָר א צייטווייליגע אריבערפיהרונג פון פרעמדע ווערען געמאַכט, זאָלען די שיפען אָדער טראַנספּאָרטאַציאָן ליניען, וואָס האָבען זיי געבראַכט, די אייגענטימער, אַגענטען, און די יעניגע צו וועמען עס ווערט געשיקט די שיף, אויף וועלכער זיי זיינען געקומען באַצאָהלען די הוצאות פון אזא אריבער־פיהרונג און אלע הוצאות וואָס קומען פון דער שפּע־טערדיגער פּאַרהאַלטונג, איידער עס ווערט ענטשיידעט אויב די פרעמדע זיינען פּאסיג אריינגעלאָזען צו ווערען און ביז זיי ווערען ענטוועדער ערלויבט צו לאַנדען אָדער אומגעקערט צו דער אויפפּאַסונג פון דער ליניע

אָדער פון דער שיף, וואָס האָט זיי געבראַכט. אין דיזע הוצאות זאָלען אריינגערעכענט ווערען די קאָסטען פון אויסהאַלטען, מעדיצינישע בעהאַנדלונג אין שפּיטאַל אָדער אנדערשוואו, באַערדיגונג אין פאַל פון טויט, און אריבערפיהרונג צוריק צו דער שיף, אין פאַל פון צוריקשיקונג, אויסער נור ווען די הוצאות קומען אונטער די באַדינגונגען פון אירגענד וועלכע באַשטימונגען פון דער אכצעהנטער אבטיילונג פון דיזען געזעץ. אירגענד וועלכע ענטזאַגונג אָדער פאַרפעהלונג נאָכצוקומען דיזע באַשטימונגען זאָל באַשטראַפט ווערען אויף דעם אופן וואָס איז באַשטימט אין אפטיילונג 18 פון דיזען געזעץ.

---

## פיזישער און גייסטיגער עקזאַמען פון אימיגראַנטען.

אַפּטיילונג 16. דער פיזישער און גייסטיגער עקזאַמען פון אלע אַנקומענדע פרעמדע זאָל געמאַכט ווערען פון מעדיצינישע בעאַמטע פון פאַלק'ס געזונדהייטס אַמט פון די פאַראייניגטע שטאַטען, וועלכע זאָלען האָבען ווייניגסטענס צוויי יאָהר ערפאַהרונג אין דער פּראַקטיקע פון זייער פּראָפעסיאָן זייט זיי האָבען געקראָגען דעם טיטול „דאָקטאָר מעדיצין", און וועלכע זאָלען אנפיהרען אלע מעדיצינישע אונטערזוכונגען און קלאָר מאַכען, פאַר דער אינפאַרמאציע פון די אימיגראַציאָנס בעאַמטע און פון די קאָמיטעטען פאַר ספּעציעלער אונטערזוכונג (באָרדס אָוו ספּעשעל אינקוואירי), וואָס ווערען דאָ ווייטער באַזאָרגט, אירגענד וועלכע און אלע פיזישע און גייסטיגע פעלערן אָדער קראַנקהייטען וואָס זיינען באַמערקט געווארען פון דערמאָנטען מעדיצינישען בעאַמטען אין

אירגענד וועלכע פרעמדען; אָדער, אויב מעדיצינישע בעאַמטע פון פאלק'ס געזונדהייטס אַמט פון די פאר־איייניגטע שטאַטען זיינען ניט פאראן, מעגען ציוויל דאָקטוירים פון ניט ווענינער ווי פיער יאָהר פראַפע־סיאָנעלע ערפאַרונג באַשעפטיגט ווערען אין אזא נויט־פאַל פאר אזא ארבייט אונטער אזעלכע באדינגונגען, וואס קאָנען באשטימט ווערען פון הויפט קאָמיסאר פון אימיגראַציאָן, אונטער דער דירעקציאָן אָדער מיט דער צושטימונג פון ארבייטס־מיניסטער. אלע פרעמדע וועלכע קומען אן אין האַפענס פון די פאראייניגטע שטאַטען זאָלען עקזאַמינירט ווערען פון ניט ווענינער ווי צוויי אזעלכע מעדיצינישע בעאַמטע, לויט די אנ־זיכט פון ארבייטס מיניסטער, און אונטער אזעלכע אד־מיניסטראַטיווע רעגולאַציאָנען, וואָס ער קאן באשטי־מען, און אונטער מעדיצינישע רעגולאציאָנען, וואס ווערען צוגעגרייט פון דעם הויפט־כירורג פון פאלק'ס געזונדהייטס אַמט פון די פאראייניגטע שטאַאטען (כוירדזשען דזשענעראל אָוו דהי יונייטעד סטייטס פּאָבליק העלט סוירוויס). מעדיצינישע בעאַמטע פון פאָלק'ס געזונדהייטס אַמט פון די פאראייניגטע שטאַ־טען, וועלכע האָבען געהאַט ספעציעלע איבונג אין דיאָגניזירען משוגע און גייסטיגע פעהלערען זאָלען אָנגעשטעלט אָדער באַשעפטיגט ווערען אין אלע אריינ־פאָהר האַפענס, וואָס זיינען באשטימט פון ארבייטס מיניסטער, און אזעלכע מעדיצינישע בעאַמטע זאָלען באַזאָרגט ווערען מיט פאַסענדע באַקוועמליכקייטען פאר דער פארהאַלטונג און עקזאַמען פון אלע אָנקומענ־דע פרעמדע אין וועמען משוגעת אָדער א גייסטיגער פעהלער ווערט פארדעכטיג, און איבערזעצער (דאָל־מעטשערס, אינטערפּרעטערס) זאָלען צוגעגרייט ווע־רען פאר אזא עקזאַמען. אירגענד וועלכער פרעמדער,

וועלכער באזיצט א גייסטיגען פעהלער, קאן אפעלירען צום קאמיטעט פון דאקטוירים פון דער פאלק׳ס געזונדהייטס אמט פון די פאראייניגטע שטאטען, וואס זאל פארזאמעלט ווערען דורך דעם הויפט־כירורג פון דער פאלק׳ס געזונדהייטס אמט פון די פאראייניגטע שטאטען, און דער דערמאנטער פרעמדער קאן פארברייננגען פאר אזא קאמיטעט איין מעדיצינישען עקספערט אלס עדות אויף זיינע אייגענע קאסטען און הוצאות. די איבערזיכט, אויסער דער פיזישער און גייסטיגער פארהער פון פרעמדע, דארונטער אזעלכע, וועלכע זוכען אריינצוקומען אדער זיך אומצוקערען אין די פאראייניגטע שטאטען אדער די פריווילעגיע דורכצופאהרען אדער צו וואהנען אין די פאראייניגטע שטאטען, און דער פארהער פון פרעמדע, וועלכע ווערען ארעטירט אין די פאראייניגטע שטאטען אונטער דיזען געזעץ, זאל אויסגעפיהרט ווערען פון אימיגראציאנס אינספעקטארס, אויסער ווי עס איז דא ווייטער באשטימט אין באצוג צו קאמיטעטען פאר ספעציעלער אונטערזוכונג. אלע פרעמדע, וועלכע קומען אן אין האפענס פון די פאראייניגטע שטאטען זאלען עקזאמינירט ווערען פון ווענינגסטענס צוויי אימיגראנטען־אינספעקטארס לויט דעם אנזיכט פון ארבייטס־מיניסטער און אונטער אזעלכע רעגולאציאנען וואס ער קאן באשטימען. אימיגראנטען אינספעקטארס ווערען דערביי אויטאריזירט און באפולמעכטיגט ארויפצוגעהן און זוכען פרעמדע אויף יעדער שיף, באהן־וואגאן, אדער איר־גענד אנדער פארקער־מיטעל, אדער וואגען אין וועלכע זיי גלויבען, אז פרעמדע ווערען געבראכט נאך די פאראייניגטע שטאטען. די דערמאנטע אינספעקטארס זאלען האבען די מאכט איינצושווערען און צו נעמען און צו באטראכטען באווייזע וואס באריהרען דאס רעכט

פון אירגענד וועלכע פרעמדע ארייגצוקומען, זיך אומצוקערען, דורכצופארען אדער וואהנען אין די פאר־אייניגטע שטאטען, און, וואו אזא האנדלונג איז נויטיג, צו מאכען געשריבענע פארצייכניש פון אזעלכע באַ־ווייזע; און אירגענד וועלכע פערזאָן, וועלכע איז אויף דיזען אופן איינגעשוואָרען געוואָרען, אונטער די באַ־שטימונגען פון דיזען געזעץ, וועלכער וועט ווילענדיג און אבזיכטליך געבען פאלשע באווייזע אדער שווערען אויף וועלכע עס איז פאלשע ערקלערונג וואס באריהרט אויף אירגענד וועלכען אופן אדער איז אין באצוג צו דעם רעכט פון אירגענד פרעמדען ארייגצוקומען, אדער זיך אומצוקערען, אדער דורכצופארען, אדער צו וואה־נען אין די פאראייניגטע שטאטען, זאל באטראכט ווערען אלס שולדיג אין שווערען פאלש און קאן באַ־שטראָפט ווערען ווי עס איז באשטימט אין דער 125־טער אבטיילונג פון דעם געזעץ וואס איז גוטגע־הייסען געוואָרען דעם 4־טען מערץ, 1909, און רופט זיך „א געזעץ צו סיסטעמאטיזירען, רעווידירען און ענדערען די שטראף־געזעצע פון די פאראייניגטע שטאטען“. אלע פרעמדע, וועלכע קומען אן אין די פאראייניגטע שטאטען זאלען מוזען אנגעבען אונטער א שבועה דעם צוועק פאר וועלכען זיי קומען, ווי לאנג זיי דענקען צו פארבלייבען אין די פאראייניגטע שטא־טען, אויב זיי דענקען זיך צו באזעצען אין די פאר־אייניגטע שטאטען אויף שטענדיג און ווערען בירגער, אדער ניט, און אזעלכע אנדערע אינפארמאציע־זאכען וועגען זיי, וואס קאָנען העלפען די אימיגראציאָנס־בעאמטע ביים באשליסען אויב זיי באלאנגען צו איר־גענד וועלכע פון די אויסגעשלאָסענע קלאסען וואס זיינען אויסגערעכענט אין דער דריטער אבטיילונג פון דיזען געזעץ. יעדער אימיגראציאָנס קאָמיסאר אדער

אינספּעקטאָר, וואָס האָט די אויפזיכט, זאָל אויך האָ־
בען די מאַכט צו פאָדערען דורך א געריכטליכע איינ־
לאַדונג (סופּינא) די ערשיינונג און אויסזאָגונג פון
עדות פאר די דערמאָנטע אינספּעקטאָרס און די צו־
שטעלונג פון ביכער, פּאַפּירען און דאָקומענטען וואָס
באריהרען דעם רעכט פון אירגענד וועלכען פרעמדען
ארייננצוקומען, זיך אומצוקערען, צו וואָהנען אָדער
דורכצופאָהרען די פאראייניגטע שטאַטען, און צו דיזען
צוועק מעג ער פאָדערען די הילף פון אירגענד וועלכען
געריכט פון די פאראייניגטע שטאַטען; און יעדער
ראיאָן געריכט אין דער געגענד פון וועלכען די אונ־
טערזוכונגען ווערען געמאַכט פון אן אימיגראַנטען־
אינספּעקטאָר קאן, אין פאַל פון פארנאכלעסיגונג אָדער
ענטזאַגונג צו ענטפערען אויף א געריכטליכע איינלאַ־
דונג פון אירגענד וועלכען אימיגראַציאָנס קאָמיסאר
אָדער אינספּעקטאָר וואָס האָט די אויפזיכט, אָדער
ענטזאַגונג עדות צו זאָגען פאר אזא אימיגראַנטען־
אינספּעקטאָר, ארויסגעבען א באפעהל וואָס פאָדערט
אויף אזא פערזאָן צו ערשיינען פאר דעם דערמאָנטען
אימיגראַנטען־אינספּעקטאָר, ברייננגען ביכער, פּאַפּירען
און דאָקומענטען אויב זיי ווערען געפאָדערט, און
עדות זאָגען; און ווען מען פארפעהלט צו פאָלגען אזא
באפעהל פון געריכט, קאן מען פון געריכט באשטראָפט
ווערען פאר ניט פאלגען. אירגענד וועלכע פערזאָן,
דארונטער אָנגעשטעלטע, בעאַמטע אָדער אגענטען פון
טראַנספּאָרטאַציאָן געזעלשאַפטען, וועלכע וועלען אָנ־
גרייפען, מאַכען א ווידערשטאַנד, פארהיטען, שטערען
אָדער ניט צולאָזען אן אימיגראַציאָנס בעאַמטען אָדער
אָנגעשטעלטען דורכצופיהרען זיין פליכט אונטער דיזען
געזעץ, זאָל באטראכט ווערען אלס שולדיג אין שלעכטע
אויפפיהרונג, און ווען ער ווערט פאראורטיילט, זאָל

ער באשטראָפט ווערען מיט געפענגניס אויף א טער־
מין פון ניט מעהר ווי א יאָהר, אָדער מיט א געלד־
שטראָף פון ניט מעהר ווי 2,000 דאלאר, אָדער ביידע
צוזאַמען; און אירגענד וועלכע פערזאָן וואָס וועט גע־
ברויכען א טויטענדע אָדער געפעהרליכע וואַפע ביים
מאַכען א ווידערשטאנד געגען אן אימיגראציאָנס בע־
אַמטען אָדער אָנגעשטעלטען ביים דורכפיהרען זיין
פליכט, זאָל באטראכט ווערען אלס שולדיג אין א
פארברעכען און ווען ער ווערט פאראורטיילט זאָל ער
באשטראָפט ווערען מיט געפענגניס אויף ניט מעהר ווי
10 יאָהר. יעדער פרעמדער וועגען וועמען עס שיינט
ניט דעם עקזאַמינירענדען אימיגראנטען־אינספעקטאָר
אין דעם אריינפאָהר־האַפען, אז ער איז זיכער און אָהן
צווייפעל בארעכטיגט צו לאנדען, זאָל פארהאלטען ווע־
רען פאר א פארהער וועגען דעם פאר דעם קאָמיטעט
פאר ספּעציעלער אונטערזוכונג. אין פאל דער קאָמי־
טעט פאר ספּעציעלער אונטערזוכונג ווייזט איהם צו־
ריק, זאָל דער פרעמדער, אין אלע פעלע וואו אן אפּע־
לאַציע צום ארבייטס־מיניסטער איז ערלויבט דורך
דיזען געזעץ, אָנגעזאָגט ווערען וועגען דעם און זאָל
האָבען דאָס רעכט צו זיין פארטראָטען דורך אן אדוואָ־
קאַט אָדער אן אנדער ראטגעבער ביי אזא אפּעלאציע.
די ענטשיידונג פון אן אימיגראציאָנס אינספעקטאָר,
אויב זי איז גינסטיג פאר די אריינלאָזונג פון אירגענד
וועלכען פרעמדען, זאָל זיין אונטערוואַרפען אונטער
דער איינווענדונג פון אירגענד אנדער אימיגראציאָנס
אינספעקטאָר, און אזא איינווענדונג זאָל פיהרען דערצו
אז דער פרעמדער געגען וועמעס לאנדונג די איינווענ־
דונג איז געמאַכט, זאָל פאָרגעפיהרט ווערען פאר דעם
קאָמיטעט פאר ספּעציעלער אונטערזוכונג צו מאַכען
א נאָכפאָרשונג.

א פ ט י י ל ו נ ג 17. קאָמיטעטען פאר ספע־ציעלער אונטערזוכונג זאָלען באשטימט ווערען פון דעם אימיגראציאָנס קאָמיסאר אָדער אינספּעקטאר, וואָס האָבען די אויפזיכט אין די פארשיעדענע אריינפאהר־האפענס ווי עס קאָן זיין נויטיג פאר די פּינקטליכע ענטשיידונג פון אלע פעלע פון אימיגראנטען, וועלכע זיינען פארהאלטען אין אזעלכע האפענס אונטער די באשטימונגען פון געזעץ. יעדער קאָמיטעט זאל בא־שטעהן פון דריי מיטגלידער, וועלכע זאָלען אויסגע־קליבען ווערען פון אזעלכע אימיגראנטען באאמטע, וואָס זיינען אין דיענסט, וועלכע דער הויפּט־קאָמיסאר פון אימיגראציאָן, מיט דער צושטימונג פון ארבייטס־מיניסטער זאל פון צייט צו צייט באשטימען אלס פאַ־סיג צו דינען אין אזעלכע קאָמיטעטען. ווען לויט די מיינונג פון ארבייטס־מיניסטער איז ניט נויטיג אָנ־צוהאַלטען א שטענדיגען קאָמיטעט פאר ספעציעלער אונטערזוכונג אין אירגענד וועלכען האפען אָדער לאנד־גרענעץ, מעגען געברויכט ווערען רעגעלמעסיג־בא־שטימטע קאָמיטעטען פון אנדערע סטאנציאָנען פאר צייטווייליגע ארבייט אין אזעלכע האפענס, אָדער, אויב דאָס איז ניט פּראקטיש, זאָל דער ארבייטס מיניסטער ערלויבען צו שאפען קאָמיטעטען פאר ספעציעלער אונ־טערזוכונג דורך די אימיגראציאָנס באאמטע וואָס האָ־בען די אויפזיכט איבער אזעלכע האפענס, און זאל באַשליסען וואס פאר רעגירונגס באאמטע אָדער אנדע־רע פערזאָנען זאָלען קאָנען אָנגענומען ווערען צו דינען אין אזעלכע קאָמיטעטען. אזעלכע קאָמיטעטען זאָלען האָבען די מאכט צו באשליסען אויב א פרעמדער, וועל־כער איז ווי געהעריג פארהאלטען געוואָרען, זאָל ער־

לויבט ווערען צו לאנדען אָדער זאָל צוריקגעשיקט ווע־
רען. דאָס פובליקום זאָל ניט צוגעלאָזט ווערען צו פאר־
הערן פאר אזעלכע קאָמיטעטען אָבער דער אימיגראנט
מעג האָבען איין פריינד אָדער קרוב וואָס זאָל זיין
אנוועזענד אונטער אזעלכע רעגולאציאָנען וואָס דער
ארבייטס מיניסטער קאן באשטימען. אזעלכע קאָמי־
טעטען זאָלען פיהרען א פולשטענדיגע שטענדיגע פאר־
צייכניש פון זייערע פארהאנדלונגען און פון אזעלכע
באווייזע וואָס ווערען פאר זיי פארגעלייגט; און די
ענטשיידונג פון אירגענד וועלכע צוויי מיטגלידער פון
דעם קאָמיטעט זאָל זיין גילטיג, אָבער ענטוועדער דער
פרעמדער אָדער אירגענד וועלכער ניט־איינשטימיגער
מיטגליד פון דערמאָנטען קאָמיטעט מעג אפעלירען
דורך דעם אימיגראציאָנס־קאָמיסאר אין דעם אריינ־
פאָהר־האפען און דעם הויפט אימיגראציאָנס קאָמיסאר
צו דעם ארבייטס מיניסטער, און דאָס מאכען אזא
אפעלאציע זאָל ווירקען אָפצוהאלטען אירגענד וועלכע
שריטע אין באצוג צו אן ענדליכע באשליסונג וועגען
אירגענד וועלכען פרעמדען פון וועמעס וועגען די אפע־
לאציע איז געמאכט געוואָרען ביז דער אימיגראציאָנס
קאָמיסאר פון דעם אריינפאָהר־האפען ערהאלט אזא
ענטשיידונג וואָס זאל געגעבען ווערען בלויז לויט די
באַווייזע וואָס זיינען פארגעלייגט געוואָרען פאר דעם
קאָמיטעט פאר ספעציעלער אונטערזוכונג. אין יעדען
פאל וואו א פרעמדער ווערט אויסגעשלאָסען פון אריינ־
קומען אין די פאראייניגטע שטאאטען, אונטער וועל־
כען עס איז געזעץ אָדער אבמאך, וואס עקזיסטירט
איצט אָדער וועט שפעטער געמאכט ווערען, זאָל די
ענטשיידונג פון א קאָמיטעט פאר ספעציעלער אונטער־
זוכונג זיין ענדגילטיג, סיידען די ענטשיידונג איז פאר־
וואָרפען געוואָרען דורך אן אפעלאציע צום ארבייטס

מיניסטער. די ענטשיידונג פון א קאָמיטעט פאר ספּעציעלער אונטערזוכונג מוז אָבער באַגרינדעט ווערען אויף דער שריפטליכער צייגנים פון דעם עקזאַמינירענדען מעדיצינישען בעאַמטען און, אויסער ווי עס ווערט באַזאָרגט אין דער 21־טער אפּטיילונג פון דיזען געזעץ, זאָל עס זיין ענדגילטיג אין וואס אנבעלאַנגט די צוריקווייזונג פון פרעמדע, וועלכע ליידען פון שווינדזוכט אין אירגענד וועלכע פאָרמע אָדער פון אַן אבשייליכע אָדער געפעהרליכע אנשטעקענדע קראַנקהייט, אָדער פון אירגענד וועלכען גייסטיגען אָדער פיזישען פעהלער, וואָס ברייננגען אזעלכע פרעמדע אונטער אירגענד וועלכע פון די קלאַסען, וואָס זיינען אויסגעשלאָסען פון אריינגעלאָזען ווערען אין די פאראייניגטע שטאַא־

---

טען לויט דער דריטער אפּטיילונג פון דיזען געזעץ.
צוריקשיקונג פון אימיגראַנטען.

אפּטיילונג 18. אלע פרעמדע וועלכע ווערען געבראכט נאָך דיזען לאַנד געגען דעם געזעץ, זאָלען גלייך צוריקגעשיקט ווערען, אין די באקוועמליכקייטען פון דערזעלבער קלאַסע, אין וועלכער זיי זיינען אָנגעקומען, נאָך דעם לאַנד, פון וועלכע יעדער פון זיי איז געקומען, אויף די שיפען וואָס האָבען זיי געבראַכט, סיידען לויט די מיינונג פון ארבייטס מיניסטער איז א באַלדיגע צוריקשיקונג ניט פראַקטיש אָדער אומגערעכט. די קאָסטען פון זייער אויפהאַלטונג אין דער צייט ווען זיי זיינען אויפ'ן לאַנד און אלע הוצאות פון אומקעהרען אזעלכע פרעמדע מוזען געדעקט ווערען פון דעם אייגענטימער אָדער די אייגענטימער פון די שיפען, אויף וועלכע יעדער פון זיי איז געקומען. עס זאָל זיין אומגעזעצליך פאר אירגענד וועלכען קאַפּיטאַן,

צאָהלמייסטער, פּערזאָן וואָס האָט אויפזיכט, אגענט, אייגענטימער, אָדער דער יעניגער צו וועמען אזא שיף ווערט געשיקט זיך צו ענטזאגען פון צוריק אויפנעמען אזעלכע פּרעמדע אויף אזא שיף, אָדער אויף אן אנדער שיף, וואָס באלאַנגט אָדער ווערט געפיהרט פון די זעלבע אינטערעסען; אָדער צו פארפעהלען זיי דאָרט צו פארהאַלטען; אָדער זיך צו ענטזאגען אָדער פאר־פעהלען זיי אומצוקעהרען אויפ׳ן אויבענדערמאָנטען אופן נאָך דעם אויסלענדישען האַפען, פון וועלכען זיי זיינען געקומען; אָדער צו פארפעהלען צו באצאָהלען די קאָסטען פון זייער אויפהאַלטונג אין דער צייט ווען זיי זיינען אויפ׳ן לאַנד; אָדער צו רעכענען אירגענד וועלכע סומע פאר אומקעהרען אזעלכע פּרעמדע, אָדער צו נע־מען אירגענד וועלכע גאַראַנטי אז א גערעכענטע סומע וועט באַצאָהלט ווערען; אָדער צו נעמען איר־גענד וועלכע באלוינונג, וואָס זאָל אומגעקעהרט ווערען אין פאַל דער פּרעמדער לאַנדעט; אָדער בכונה צוריק־ברייגנען צו די פאראייניגטע שטאַאטען אין אירגענד וועלכער צייט אין פארלויף פון א יאָהר פון דעם טאָג פון דער צוריקשיקונג פון אזא פרעמדען, וועלכער איז אויסגעוויזען געוואָרען אָדער ארעטירט און צוריקגע־שיקט געוואָרען אונטער אירגענד וועלכע באַשליסונגען פון דיזען געזעץ, סיידען איידער ער האָט זיך צוריקגע־זעצט אויף דער שיף האָט דער ארבייטס מיניסטער מסכים געווען, אז דער פרעמדער זאָל ווידער צושטעלען אַ בקשה אריינגעלאָזען צו ווערען, ווי עס ווערט גע־פאָדערט אין דער דריטער אָפּטיילונג פון דיזען געזעץ; און אויב עס וועט זיך ארויסציינען צו דער צופרידענ־הייט פון ארבייטס מיניסטער, אז אזא קאַפּיטאַן, צאָלמייסטער, פּערזאָן וואָס האָט די אויפזיכט, אגענט, אייגענטימער, אָדער דער יעניגער צו וועמען אזא שיף

ווערט געשיקט, האָט איבערטרעטען אירגענד וועלכע פון די אויבענדערמאָנטע באשטימונגען אָדער וועלכע עס איז באשטימונגען פון דער 15־טער אפטיילונג פון דיזען געזעץ, זאָל אזא קאפּיטאן, צאָהלמייסטער, פּער־זאָן וואָס האָט די אויפזיכט, אגענט,, אייגענטימער אָדער דער יעניגער צו וועמען אזא שיף ווערט געשיקט, באצאָהלען צום איינמאָהנער פון אפּ־צאָהל אין דער געגענד, וואו דער אריינפאהר־האפען געפינט זיך, אָדער אין דער געגענד אין וועלכער איר־גענד וועלכע שיף פון דער ליניע געפינט זיך, די סומע פון 300 דאלאר פאר יעדע איינציגע איבערטרעטונג פון אירגענד וועלכע באשטימונג פון די דערמאָהנטע אפּטיילונג; און קיין שיף זאָל קריגען אבפאָהר־פּאפּי־רען פון אירגענד וועלכען האפען אין די פאראייניגטע שטאאטען בשעת אזא שטראָף איז נאָך ניט באצאָהלט, און אזא שטראָף זאל ניט צוריקגעצאָהלט אָדער אומ־געקעהרט ווערען. אָבפאָהר־פּאפּירען מעגען אָבער ארויסגעגעבען ווערען איידער אזא פראגע ווערט ענט־שיידעט, אויב עס ווערט איינגעלייגט ביים איינמאָה־נער פון אָבצאָהל א סומע וואס איז גענוג צו דעקען אזא שטראָף. אויב די שיף מיט וועלכער עס איז אָנגעקומען א פרעמדער, וועלכער איז פאראורטיילט געוואָרען צו־ריקגעשיקט צו ווערען, האָט פארלאָזען די פאראייניג־טע שטאאטען און עס איז אומפּראקטיש צוליעב איר־גענד וועלכער סבה אָפּצושיקען דעם פרעמדען אין א מעסיגע צייט אויף אן אנדער שיף וואס געהערט צו די זעלבע אייגענטימער, קאָנען די קאָסטען פון צוריקשי־קונג געצאָהלט ווערען פון דער רעגירונג און איינגע־מאָנט ווערען דורך א ציוויל־פּראָצעס פון אירגענד וועלכען אגענט, אייגענטימער אָדער דער יעניגער צו וועמען די שיף איז געשיקט. דער הויפּט־קאָמיסאר פון

אימיגראציאָן, מיט דער צושטימונג פון ארבייטס מיני־
סטער, מעג סוספּענדירען, לויט באדינגונגען וואָס דער
הויפּט־קאָמיסאר פון אימיגראציאָן קאן באשטימען, די
צוריקשיקונג פון אירגענד וועלכע פרעמדע וועגען וועל־
כע עס שטעלט זיך ארויס, אז זיי זיינען געקומען אין
איבערטרעטונג פון אירגענד וועלכע באשטימונגען פון
דיזען געזעץ, אויב נאָך זיין מיינונג איז דאָס עדות־
זאָגען פון אזא פרעמדען נויטיג פאר די פאראייניגטע
שטאאטען, אין דער פּראָצעסירונג פון א פאַרברעכער
געגען אירגענד וועלכע באשטימונגען פון דיזען געזעץ
אָדער אנדערע געזעצע פון די פאראייניגטע שטאאטען;
און די קאָסטען פון אויסהאלטען אירגענד וועלכע פּער־
זאָן וואָס ווערט אזוי פארהאלטען אלס רעזולטאט פון
אזא סוספּענדירונג, און אן עדות־לוין אין דער סומע
פון א דאלאר א טאָג פאר יעדען טאָג וואָס אזא פרעמ־
דער איז פארהאלטען, קאָנען באצאָהלט ווערען פון
דאָס געלד וואָס איז באוויליגט ארויפצוצווינגען די
אפּהיטונג פון דיזען געזעץ, אָדער אזא פרעמדער קאן
באפרייט ווערען אונטער ערבות (באָנדס) פאר א
שטראָף פון ניט ווענינער ווי 500 דאלאר מיט א זיכער־
הייט דארויף, וואָס איז גוטגעהייסען פון ארבייטס מי־
ניסטער, צו גאראנטירען אז אזא פרעמדער זאָל צוגע־
שטעלט ווערען ווען מען דארף איהם האָבען אלס עדות
און צום צוריקשיקען. קיין פרעמדער, וועגען וועלכען
עס ווערט שריפטליך באשטעטיגט, ווי עס איז באַ־
שטימט אין דער 16טער אבטיילונג פון דיזען געזעץ,
אז ער ליידעט פון שווינדזוכט אין אירגענד וועלכער
פאָרמע אָדער פון אן אבשייליכע אָדער געפעהרליכע
קראנקהייט, אויסער אזעלכע, וואָס איז פון דעם סאָרט
וואָס מען דארף שטעלען אונטער קאראנטין (איזאָלא־
ציאָן, אָבזונדערונג), זאָל ערלויבט ווערען צו לאַנדען

פאַר מעדיצינישע באַהאַנדלונג אין אירגענד וועלכען שפּיטאַל אין די פּאַראייניגטע שטאַאַטען, סיידען דער ארבייטס מיניסטער איז איבערצייגט, אז צו ענטזאַגען די באַהאַנדלונג וואָלט זיין אונמענשליך אָדער וואלט פאַראורזאַכען אומגעוועהנליכע צרות אָדער ליידען. אין אַזאַ פאַל זאָל דער פרעמדער באַהאַנדעלט ווערען אין א שפּיטאַל אונטער דער אויפזיכט פון די אימיגראַציאָנס באַאַמטע אויף די הוצאות פון דער שיף וואָס פיהרט איהם. ווען אַן עקזאַמירענדער מעדיצינישער באַאַמטער גיט ארויס א שריפטליכע צייגניס, אַז די געזונדהייט אָדער די זיכערהייט פון א משוגע'נעם פרעמדען וואָלט אומנויטיג געשטעלט ווערען אין געפאַהר דורך א באַלדיגע צוריקשיקונג, קאָן אַזאַ פרעמדער, אויף די הוצאות פון דאָס געלד, וואָס איז באַוויליגט ארויסצוצווינגען דיזען געזעץ, געהאַלטען ווערען פאַר באַהאַנדלונג ביז אַזאַ צייט, ווען אַזאַ פרעמדער קאָן, לויט די מיינונג פון מעדיצינישען באַאַמטען, מיט זיכערהייט צוריקגעשיקט ווערען. ווען אַן עקזאַמינירענדער מעדיצינישער באַאַמטער גיט א שריפטליכע צייגניס, אז א צוריקגעוויזענער פרעמדער איז הילפסלאָז דורך קראַנקהייט, א גייסטיגען אָדער פיזישען פעהלער, אָדער צוליעב דעם וואָס ער איז א קליין־קינד, און אַזאַ פרעמדער איז באַגלייט פון אַן אַנדער פרעמדען וועמעס שוץ אָדער אויפפאַסונג איז נויטיג פאַר אַזאַ צוריקגעוויזענעם פרעמדען, קאָן אַזאַ באַגלייטענדער פרעמדער אויך אויסגעשלאָסען ווערען, און דער קאַפּיטאַן, אגענט, אייגענטימער אָדער דער יעניגער צו וועמען עס איז געשיקט די שיף, אין וועלכער אַזאַ פרעמדער און באַגלייטענדער פרעמדער זיינען געבראַכט געוואָרען, זאָלען מוזען אומקעהרען אַזאַ פרעמדען און באַגלייטענדען פרעמדען אויפ'ן זעלבען

אופן, ווי שיפען מוזען אומקעהרען אנדערע צוריקגע־
וויזענע פרעמדע.

---

## ווער עס קאן צוריקגעשיקט ווערען א צייט נאָך זיין אריינקומען אין די פאראייניגטע שטאַאַטען.

אָ פּ ט י י ל ו נ ג 19. אין אירגענד וועלכע צייט אין פארלויף פון פינף יאָהר נאָכ'ן אריינקומען קענען פאָלגענדע פרעמדע ארעטירט און צוריקגעשיקט ווערען: אירגענד וועלכער פרעמדער, וועלכער איז אין דער צייט פון זיין אריינקומען געווען א מיטגליד פון איינע אָדער איניגע פון די קלאסען, וועלכע זיינען לויט געזעץ אויסגעשלאָסען; אירגענד וועלכער פרעמדער, וועלכער איז אריינגעקומען אָדער איז געפונען געוואָרען אין די פאראייניגטע שטאאטען אין איבערטרעטונג פון דיזען געזעץ, אָדער אין איבערטרעטונג פון אירגענד וועלכען אנדער געזעץ פון די פאראייניגטע שטאאטען; אירגענד וועלכער פרעמדער, וועלכער ווערט ווען עס איז נאָך זיין אריינקומען געפונען אגיטירענדיג און לערנענדיג אומגעזעצליך צו פארניכטען אייגענטום; אָדער אגיטירענדיג און לערנענדיג אנארכי, אָדער אז מען זאָל מיט געוואלט שטירצען די רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאאטען אָדער אלע פאָרמען פון געזעץ אָדער די ערמאָרדונג פון רעגירונגס באאמטע; אירגענד וועלכער פרעמדער, וועלכער פאלט צו לאסט אויף קהל אין פארלויף פון 5 יאָהר נאָכ'ן אריינקומען, דורך אורזאכען, וואָס שטעלען זיך ניט ארויס דייטליך אלס אזעלכע וואָס זיינען ענטשטאנען נאָך זיין לאנדען; אירגענד וועלכער פרעמדער (אויסער די יעניגע, וועלכע זיינען אויסגענומען פון דיזען כלל לויט א ווייטערדיגע ער־

קלערונג אין דיזער אַפּטיילונג) וועלכער ווערט באַ־
שטראָפט מיט געפענגניש אויף אַ טערמין פון אַ יאָהר
אָדער מעהר דערפאר וואָס ער איז אין דיזען לאנד
געפונען געוואָרען שולדיג אין אַ פארברעכען, וואָס
האָט צו טאָן מיט מאָראלער געזונקענהייט, וואָס איז
באגאנגען געוואָרען אין פארלויף פון 5 יאָהר נאָכדעם
ווי דער פרעמדער איז אריינגעקומען אין די פאר־
איינגיגטע שטאאטען, אָדער וועלכער ווערט באַ־
שטראָפט מעהר ווי איין מאָל צו אזא טערמין פון גע־
פענגניש צוליב דעם, וואָס ער איז אין דיזען לאנד
געפונען געוואָרען שולדיג אין אַ פארברעכען, וואָס
האָט צו טאָן מיט מאָראלער געזונקענהייט, וואָס איז
באגאנגען געוואָרען אירגענד וועלכע צייט נאָך זיין
אריינקומען; אירגענד וועלכער פרעמדער, וועלכער
ווערט געפונען אלס באוואוינער פון אָדער פארבונדען
מיט דער פיהרערשאפט פון אן אוממאָראלישע הויז
אָדער פראקטיצירענדיג פראָסטיטוציאָן נאָכדעם ווי
אזא פרעמדער איז אריינגעקומען אין די פאראייניגטע
שטאאטען, אָדער וועלכער וועט באקומען אַ חלק, אָדער
ציהען נוצען פון אירגענד וועלכען טייל פון די פאר־
דינסטען פון אירגענד וועלכע פראָסטיטוטקעס;
אירגענד וועלכער פרעמדער, וועלכער פארוואלטעט
אָדער איז אָנגעשטעלט דורך, אין, אָדער אין פארבינ־
דונג מיט אירגענד וועלכע אוממאָראלישע הויז אָדער
מוזיק־זאאל, אָדער טאנץ־זאאל, אָדער אנדער אמוזי־
רונגס פּלאַץ אָדער אָרט, וואָס ווערט כסדר באזוכט
פון פראָסטיטוטקעס, אָדער וואו פראָסטיטוטקעס קו־
מען זיך צוזאמען, אָדער וועלכער העלפט אויף איר־
גענד וועלכען אופן אָדער באשיצט אָדער זאָגט צו צו
באשיצען פון ארעסט אירגענד וועלכע פראָסטיטוטקע;
אירגענד וועלכער פרעמדער, וועלכער וועט אימפּאָר־

טירען אָדער מאַכען אַ פּאַרזוך צו אימפּאָרטירען איר־גענד וועלכע פּערזאָן פאַר דעם צוועק פון פּראָסטיטו־ציאָן אָדער פאַר אירגענד אַנדער אוממאָראַלישען צוועק; אירגענד וועלכער פּרעמדער, וועלכער ווערט זיך אומקערען נאָך די פאַראייניגטע שטאַאַטען נאָכ־דעם ווי ער ווערט אויסגעשלאָסען און צוריקגעשיקט אָדער אַרעטירט און צוריקגעשיקט אַלס פּראָסטי־טוטקע, אָדער אַלס פרויען־הענדלער, אָדער פאַר זיין פאַרבונדען מיט'ן געשעפט פון פּראָסטיטוציאָן אָדער אימפּאָרטירונג פאַר פּראָסטיטוציאָן אָדער אַנדערע אוממאָראַלישע צוועקען אין אירגענד וועלכען אופן, וואָס איז דאָ פריהער דערמאָנט; אירגענד וועלכער פרעמדער, וועלכער איז פאַראורטיילט געוואָרען און אַריינגעזעצט אין געפענגניש פאַר איבערטרעטען איר־גענד וועלכע באַשטימונגען פון דער פערטער אָפּטיי־לונג פון דיזען געזעץ; אירגענד וועלכער פרעמדער, וועלכער איז פאַראורטיילט געוואָרען אָדער איז אַליין מודה, אַז ער איז באַגאַנגען, איידער ער איז געקומען אהער, אַ פאַרברעכען אָדער וואָס האָט צו טאָן מיט מאָראַלער געזונקענהייט. אירגענד וועלכע צייט אין פאַרלויף פון דריי יאָהר נאָכ'ן אַריינקומען: אירגענד וועלכער פרעמדער, וועלכער איז אַריין אין די פאַר־אייניגטע שטאַאַטען איבערן וואַסער אין אירגענד וועלכע צייט אָדער פּלאַץ אויסער די יעניגע וואָס זיינען באַשטימט פון אימיגראַציאָנס באַאַמטע, אָדער איבער אַ לאַנד־גרענעץ אין אירגענד וועלכען פּלאַץ אויסער אַזעלכע וואָס איז פון דעם הויפּט־קאָמיסאַר פון אימיגראַציאָן באַשטימט אַלס אַריינפאָהר־פּלאַץ פאַר פרעמדע, אָדער אין אירגענד וועלכע צייט וואָס איז ניט באַשטימט פון אימיגראַציאָנס באַאַמטע, אָדער וועלכער קומט אַריין אָהן אַן אינספּעקציאָן

(איבערזיכט פון אינספעקטאָרס). אַלע אזעלכע זאַ־
לען אויף ארעסט־פּאפּירען (וואראנטס) פון ארבייט'ס
מיניסטער ארעטירט און צוריקגעשיקט ווערען. ווען
א פּרוויענצימער פון די געשלעכטליך אוממאָראַלי־
שע קלאסען, וואָס זייער אויסשליסונג אָדער צוריק־
שיקונג איז באשטימט לויט דיזען געזעץ, הייראט מיט
אן אמעריקאנער בירגער זאָל די הייראט ניט מאכען
אזא פּרוויענצימער פאר א בירגערין, אויב די חתונה
פון אזא פּרעמדע פּרוויענצימער איז פאָרגעקומען נאָך
איהר ארעסט אָדער נאָכדעם ווי זי איז באגאנגען די
מעשים פאר וועלכע זי דארף צוריקגעשיקט ווערען
אונטער דיזען געזעץ. די באשטימונג פון דיזער אָפּ־
טיילונג וועגען צוריקשיקען פּרעמדע, וועלכע זיינען
פּאראורטיילט געוואָרען פאר א פארברעכען, וואָס
האָט צו טאָן מיט מאָראַלער געזונקענהייט זאָל ניט
אָנגעווענדעט ווערען אויף איינעם, וועלכער איז בא־
גנאדיגט געוואָרען, און אזא צוריקשיקונג זאָל ניט
געמאכט ווערען אויב דאָס געריכט אָדער דער ריכ־
טער וואָס באשטראָפען אזא פּרעמדען פאר אזא פאר־
ברעכען וועט אין צייט פון משפּט אָדער ביים געבען
די שטראָף אָדער אין פארלויף פון 30 טעג נאָכדעם,
נאָכדעם ווי א געהעריגע ידיעה וועגען דעם ווערט צו
ערשט געגעבען צו די פארטרעטער פון שטאאט, מא־
כען א רעקאָמענדאציע צום ארבייט'ס מיניסטער אזא
פּרעמדער זאָל ניט צוריקגעשיקט ווערען אלס רעזול־
טאַט פון דיזען געזעץ; קיין פּרעמדער אזעלכער
וועלכער איז פאראורטיילט געוואָרען ווי עס איז אויי־
בען דערמאָנט זאָל צוריקגעשיקט ווערען ביז זיין גע־
פענגניש־טערמין ענדיגט זיך: די באשטימונגען פון
דיזען געזעץ, מיט די אויסנאמען וואָס זיינען פריהער
אויסגערעכענט, זאָלען אנגעווענדעט ווערען אויף די

קלאסען פון פרעמדע, וועלכע זיינען דאָ דערמאָנט גע־
וואָרען אָהן אונטערשיד פון דער צייט ווען זיי זיינען
ארייגגעקומען אין די פאראייניגטע שטאאטען. די
באשטימונגען פון דיזען געזעץ זאָלען אויך אָנגעווענ־
דעט ווערען אויף די קלאסען פון פרעמדע, וועלכע
קומען צו די פאראייניגטע שטאאטען פון די אינזלען
וואָס באלאנגען צו זיי. אירגענד וועלכע פערזאָן,
וועלכע וועט ארעטירט ווערען אונטער די באשטימונ־
גען פון דיזען געזעץ אויפ׳ן גרונד, וואָס ער איז אריינ־
געקומען אָדער איז געפונען געוואָרען אין די פאר־
אייניגטע שטאאטען אין איבערטרעטונג פון אירגענד
וועלכען אנדער געזעץ פון לאנד, וואָס לייגט אויף
אזא פערזאָן ארויף די לאסט פון איבערצייגען זיין
רעכט אריינצוקומען אָדער צו פארבלייבען אין לאנד,
און וועלכער וועט פארפעהלען פעסטצושטעלען די
עקזיסטענץ פון דעם רעכט וואָס ער מאָנט, זאָל צו־
ריקגעשיקט ווערען נאָך דעם פלאץ, וואָס איז אָנגע־
געבען אין דעם אנדער געזעץ*). אין יעדען פאל,
וואו אירגענד וועלכע פערזאָן ווערט באפוילען צוריק־
געשיקט צו ווערען אונטער די באשטימונגען פון די־
זען געזעץ, אָדער פון אירגענד וועלכען אנדערען געזעץ
אָדער פעלקער־אָפמאך, זאָל די ענטשיידונג פון אר־
בייט׳ס מיניסטער זיין ענדגילטיג.

*) דיזער פונקט באציהט זיך אויף כינעזער, וועלכע
האָבען איבערטראָטען דעם געזעץ, וואָס שליסט אויס
כינעזער.

וואו אימיגראנטען זאָלען צוריקגעשיקט ווערען.

אָפּטיילונג 20. די צוריקשיקונג פון פרעמדע, וואָס איז באשטימט געוואָרען אין דיזען געזעץ זאָל, לויט דער ברירה פון ארבייט'ס מיניסטער, זיין דאָס לאנד פון וועלכע זיי זיינען געקומען אָדער דער אויסלענדישער האפען, אין וועלכען אזעלכע פרעמדע האָבען זיך געזעצט אויף דער שיף נאָך די פאראייניגטע שטאאטען; אָדער, אויב אזא ארויפזעצונג אויף א שיף איז געוועזען צו פאָהרען צו א פרעמדען לאנד, וואָס גרענעצט זיך מיט די פאראייניגטע שטאאטען, נאָך דעם האפען וואו ער האָט זיך געזעצט אויף דער שיף צו פאָהרען צו אזא פרעמדע לאנד; אָדער, אויב אזעלכע פרעמדע זיינען אריין אין שכנ'ישע פרעמדע טעריטאָריע פון די פאראייניגטע שטאאטען און זיינען שפּעטער אריין אין די פאראייניגטע שטאאטען, אָדער אויב אזעלכע פרעמדע ווערען באטראכט פון דעם לאנד פון וועלכען זיי זיינען אריין אין די פאראייניגטע שטאאטען ניט אלס אונטערטאַנען אָדער ניט אלס בירגער פון אזא לאנד, און אזא לאנד ענטזאגט זיך זיי צוריק אריינצולאָזען, אָדער שטעלט אירגענד וועלכע באדינגונגען פאר ערלויבען זיי צוריק אריינצוקומען, דאן (זאָלען די פרעמדע צוריקגעשיקט ווערען) נאָך דעם לאנד פון וועלכען אזעלכע פרעמדע זיינען אונטערטאנען אָדער בירגער, אָדער נאָך דעם לאנד וואו זיי האָבען געוואוינט איידער זיי זיינען אריינגעקומען אין די פאראייניגטע שטאאטען. אויב צוריקשיקונג־פּראָצעסען ווערען געמאכט ווען עס איז אין פארלויף פון פינף יאָהר נאָכ'ן פרעמדענ'ס אריינקומען, זאָל אזא צוריקשיקונג, דארונטער א העלפט פון די קאָסטען פון ארי־

בערפיהרונג נאָך דעם צוריקשיקונג־האפען, זיין אויף די הוצאות פון דעם אונטערנעמער (פּאָדריאַטשיק, קאָנטראַקטאָר), פאַקטאָר, אָדער אנדער פּערזאָן דורך וועלכע דער פרעמדער איז אומגעזעצליך באיינפלוסט געוואָרען ארייננצוקומען אין די פאראייניגטע שטאַא־טען, אָדער, אויב דאָס קאָן ניט געטאָן ווערען, זאָלען די קאָסטען פון אריבערפיהרונג נאָך דעם צוריקשי־קונגס האפען זיין אויף די הוצאות, וואָס זיינען באַ־וויליגט פאַר ארויפּצווינגען דיזען געזעץ, און די צו־ריקשיקונג, פון אזא האפען אָן, זאָל זיין אויף די הוצאות פון אייגענטימער פון אזא שיף אָדער טראַנס־פּאָרטאַציאָנס ליניע, מיט וועלכער אזעלכע פרעמדע זיינען געקומען, אָדער, אויב דאָס איז ניט פּראַקטיש, אויף די הוצאות וואס זיינען באוויליגט פאַר ארויפּ־צווינגען דיזען געזעץ. אויב צוריקשיקונגס פּראָצעסען ווערען געמאַכט שפּעטער ווי 5 יאָהר נאָך דעם פרעמ־דען׳ס אריינקומען, אָדער, אויב די צוריקשיקונג ווערט געמאַכט דורך אורזאַכען, וואָס זיינען ענטשטאַנען נאָכ׳ן אריינקומען, זאָלען די קאָסטען דערפון זיין צאָהלבאַר פון דאָס געלד, וואס איז באשטימט געוואָ־רען פאַר ארויפצווינגען די דורכפיהרונג פון דיזען געזעץ. ווען קאַפּיטאַנען, אגענטען, אייגענטימער אָדער די יעניגע, צו וועמען שיפען ווערען געשיקט, פאַר־נאַכלעסיגען אָדער ענטזאגען זיך נאָכצוקומען א באַ־פעהל פון ארבייטס מיניסטער ארויפצונעמען אויפ׳ן שיף, גוט צו באשיצען, און צו טראַנספּאָרטירען צום באַשטימטען אָרט אירגענד וועלכען פרעמדען, וועלכער איז באפוילען געוואָרען צוריקגעשיקט צו ווערען אונ־טער די באַשטימונגען פון דיזען געזעץ, זאָלען זיי באַ־שטראָפט ווערען דורך ארויפלייגען די שטראָפען וואָס זיינען אָנגעגעבען אין דער 18־טער אפּטיילונג פון די־

זען געזעץ. ווען לויט די מיינונג פון ארבייטס מיני־
סטער איז דער גייסטיגער אָדער דער פיזישער צו־
שטאנד פון אזא פרעמדען, אזעלכער וואָס פאָדערט
פערזענליכע אויפפאסונג און באהאנדלונג, זאָל דער
דערמאָנטער מיניסטער, ווען נויטיג, באשעפטיגען א
פאסענדע פערזאָן פאר דיזען צוועק, וועלכער זאָל בא־
גלייטען אזא פרעמדען צו זיין אָדער איהר ענדגילטיגען
באשטימטען אָרט, און די הוצאות פון אזא באדינונג
זאָלען געדעקט ווערען אויפ'ן זעלבען אופן, ווי די
הוצאות פון צוריקשיקען דעם פרעמדען ווערען געדעקט.
וואָרטענדיג אויף די ענדליכע ענטשיידונג וועגען איר־
גענד וועלכען פרעמדען, וועלכער ווערט אזוי פארהאל־
טען קאָן ער באפרייט ווערען אונטער ערבות פאר א
שטראָף פון ניט וועניגער ווי 500 דאלאר מיט זיכער־
הייט דארויף, וואָס זאָל גוטגעהייסען ווערען פון אר־
בייטס מיניסטער, אלס גאראנטי, אז אזא פרעמדער
וועט צוגעשטעלט ווערען ווען מען וועט איהם דארפען
פאר א פארהער אָדער פארהערען אין באצוג צו דער
קלאגע, אויף וועלכער ער איז פארהאלטען געוואָרען,
און פאר צוריקשיקונג אויב עס וועט געפונען ווערען
אז ער איז אונגעזעצליך אין די פאראייניגטע
שטאאטען.

---

## וועלכע אימיגראנטען עס קאָנען ארייגעלאָזען ווערען אונטער ערבות.

אפטיילונג 21. אירגענד וועלכער פרעמ־
דער, וואָס איז מעגליך, אז ער זאָל אויסגעשלאָסען
ווערען דערפאר, וואָס ער איז עלול צו פאלען צו לאסט
אויף קהל, אָדער צוליעב פיזישע פעהלערן, אויסער
שווינדזוכט אין אירגענד וועלכער פאָרמע אָדער אן

אבשייליכע אָדער געפעהרליכע אנשטעקענדע קראנק־
הייט, קאַן, אויב ער איז זאָנסט פּאַסיג ארייננעלאָזען
צו ווערען, פון דעסטוועגען ארייננעלאָזען ווערען לויט
דער מיינונג פון ארבייטס מיניסטער, ווען ער גיט א
פּאַסענדע און געהעריגע ערבות אָדער פארזיכערונג,
וואָס איז גוטגעהייסען פון דעם דערמאָנטען מיניסטער,
אין אזא סומע און ענטהאלטענדיג אזעלכע באדינגונ־
גען, וואס ער קאַן באשטימען, נאָך די פאראייניגטע
שטאַאטען און נאָך אלע שטאַאטען, טעריטאָריעס,
באצירקען (קאונטיס), שטעדט, געמיינדען, און גע־
גענדען פון זיי, וואָס זאל פארזיכערען די פאראייניגטע
שטאַאטען, און אלע שטאַאטען, טעריטאָריעס, באציר־
קען, שטעדט, געמיינדען און געגענדען פון זיי, געגען
אזא פרעמדען, אז ער זאל ניט פאַלען צו לאַסט אויף
קהל. אנשטאַט אזא ערבות קאַן אזא פרעמדער איינלע־
גען אין מזומן ביי דעם ארבייטס מיניסטער אזא סומע,
וואָס דער ארבייטס מיניסטער קאָן פאָדערען, וועלכע
סומע זאָל פון דערמאָנטען מיניסטער איינגעלייגט ווע־
רען אין א פּאָסט־שפּאָר־באַנק, א קבלה אויף דעם זאָל
געגעבען ווערען צו דער פערזאָן וואָס גיט די דערמאָנ־
טע סומע און זאל צייגען דעם פאַקט און דעם צוועק
פון דער קבלה און אזעלכע אנדערע ידיעות וואָס דער
דערמאָנטער מיניסטער געפינט פאר ראטזאַם. אלע אָנ־
געקליבענע פראָצענטען אויף דער דערמאָנטער סומע
אין דער צייט וואס דאָס ווערט געהאלטען אין דער
פּאָסט־שפּאָר־באַנק פון די פאראייניגטע שטאַאטען
זאָלען באצאָהלט ווערען צו די פערזאָן וואָס האָט
געגעבען די סומע. אין פאל אזא פרעמדער פאלט צו
לאַסט אויף קהל זאָל דער ארבייטס מיניסטער טאָן
מיט דאָס געלד דאָס זעלבע, ווי די סומע וואָלט איינ־
געמאָנט ווערען אונטער אן ערבות ווי עס איז בא־

שטימט אין דיזער אבטיילונג. אין פאַל אַזאַ פרעמדער פאָהרט אויף שטענדיג אָפּ פון די פאראייניגטע שטאַאַטען, ווערט אַ בירגער, אָדער שטאַרבט אַוועק, זאָל די דערמאָנטע סומע צוריקגעגעבען ווערען צו די פערזאָן, וועלכע האָט עס איינגעלייגט אָדער צו די געזעצליכע פארטרעטער פון דיזער פערזאָן. די אריינלאָזונג פון אזא פרעמדען זאָל זיין אין אנבעטראַכט פון אַזאַ ערבות, פארזיכערונג אָדער איינגעלייגטע מזומן־געלד. אַ פּראָצעס קאן געמאכט ווערען געגען דאָס געלד אין דעם נאָמען און פון די ריכטיגע געזעץ־באאמטע פון דער רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאַאטען אָדער פון אירגענד וועלכען שטאַאט, טעריטאָריע, געגענד, באַצירק, שטאָדט, אָדער געמיינדע, אין וועלכע אַזאַ פרעמדער פאַלט צו לאַסט אויף קהל.

---

קראַנקע פרוי אָדער מינדיעהריגעס קינד פון געוואָרענעם בירגער אָדער אַמעריקאַנער איינ־וואָהנער.

אפּטיילונג 22. ווען נאָר אַ פרעמדער ווערט אַ בירגער, אָדער מאכט זיין שטענדיגע דירה אין דיזען לאַנד, און דערנאָך שיקט ער נאָך זיין פרוי אָדער מינדיעהריגע קינדער זיי זאָלען קומען צו איהם, און די דערמאָנטע פרוי אָדער אירגענד וועלכע פון די דערמאָנטע קינדער ציינען זיך ארויס צו ליידען פון אירגענד וועלכע אנשטעקענדע קראַנקהייט, זאָלען אזא פרוי און מינדיעהריגע קינדער פארהאַלטען ווע־רען, אונטער אזעלכע רעגולאַציאָנען ווי דער ארבייטס מיניסטער וועט באַשטימען, ביז עס וועט פעסטגע־שטעלט ווערען אויב אזא קראַנקהייט וועט לייכט קאָנען אויסגעהיילט ווערען, אָדער אויב זיי קאָנען ערלויבט

ווערען צו לאַנדען אָהן געפאהר פאַר אַנדערע פערזאָנען; און זיי זאָלען ניט ארייגעלאָזט ווערען און ניט צוריק־געשיקט ווערען, ביז אזעלכע פאקטען זיינען פעסטגע־שטעלט; און אויב עס ווערט פעסטגעשטעלט, אז די קראַנקהייט איז לייכט היילבאַר און דער מאַן אָדער פאָטער אָדער אַנדער פאראנטווארטליכע פערזאָן איז ווילּיג צו ליידען די הוצאות פון דער באהאנדלונג, מעג זיי געגעבען ווערען באהאנדלונג אין שפּיטאָל ביז זיי ווערען אויסקורירט און דאן ארייגעלאָזען ווערען, אָדער אויב עס וועט פעסטגעשטעלט ווערען, אז זיי קאָנען ערלויבט ווערען צו לאַנדען אָהן געפאהר פאַר אנדערע פערזאָנען, קאָנען זיי ארייגעלאָזען ווערען, אויב זיי זיינען זאָנסט פאסיג ארייגעלאָזען צו ווערען. אויב דער מאַן, וועלכער שיקט נאָך זיין פרוי אָדער מינדיעהריגע קינדער איז א געוואָרענער בירגער זאָל די פרוי, אויב ער האָט מיט איהר געהייראַט נאָכדעם ווי ער איז געוואָרען א בירגער, אָדער די מינדיעהריגע קינדער, וועלכע זיינען געבאָרען געוואָרען נאָכדעם ווי ער איז געוואָרען א בירגער, ארייגעלאָזען ווערען אָהן פאַרהאַלטונג פאר באהאנדלונג אין שפּיטאָל, און וואָס אנבעלאַנגט א פרוי, מיט וועלכע ער האָט געהייראַט איידער ער איז געוואָרען א בירגער אָדער מינדיעהריגע קינדער, וועלכע זיינען געבאָרען געוואָרן איידער ער איז געוואָרען א בירגער, זאָלען די באשטימונגען פון דיזען געזעץ אָפּגעהיט ווערען, אפילו ווען אזא פערזאָן איז ניט אין שטאַנד צו באצאָהלען די קאָסטען פון דער באהאנדלונג. אין אזא פאַל זאָלען די הוצאות באצאָהלט ווערען פון דאָס געלד, וואָס איז באוויליגט ארויפצו־צווינגען דיזען געזעץ.

א פ ט י י ל ו נ ג 23. דער הויפט־קאָמיסאר פון אימיגראציאָן זאָל ערפילען אלע זיינע פליכטען אונטער דער דירעקציאָן פון ארבייטס מיניסטער. אונ־טער אזא דירעקציאָן זאָל ער האָבען די אויפזיכט אי־בער די דורכפיהרונג פון אלע געזעצע, וואָס האָבען צו טאָן מיט דער איינוואנדערונג פון פרעמדע אין די פאראייניגטע שטאאטען, און זאָל האָבען די קאנטראָלע, דירעקציאָן און איבערזיכט איבער אלע באאמטע, גע־הילפען, און ארבייטער וואָס זיינען באשעפטיגט אונ־טער דעם; ער זאָל עטאבלירען אזעלכע רעגעלן און רעגולאציאָנען, באשטימען אזעלכע פאָרמען פון ערבות, באריכטען, פארצייכניסע, און אנדערע פאפירען, און זאָל פון צייט צו צייט ארויסגעבען אזעלכע אינסטרוק־ציאָנען, וואָס זיינען ניט אין ווידערשפרוך מיט'ן גע־זעץ, וואָס ער באטראכט אלס אם בעסטען אויסגע־רעכענט דורכצופיהרען די באשטימונגען פון דיזען געזעץ און צו באשיצען די פאראייניגטע שטאאטען און די פרעמדע, וועלכע וואנדערען איין אין זיי פון שווינדעל און פארלוסט, און זאָל האָבען די מאַכט צו שליסען קאנטראקטען פאר די שטיצע און הילפע פון אזעלכע פרעמדע, וועלכע פאלען אריין אין נויט אָדער דארפען אָנקומען צו קהל'שע הילף, און צוריקצושיקען נאָך דעם לאַנד וואו זיי זיינען געבאָרען, צו אירגענד וועלכע צייט אין פארלויף פון דריי יאָהר נאָך זייער אריינקומען, אויף די הוצאות פון דאָס געלד וואָס איז באוויליגט ארויפצוצווינגען דיזען געזעץ, אזעלכע, וועלכע פאלען אריין אין נויט אָדער דארפען אָנקומען צו קהל'שע הילף פון אורזאכען וואָס זיינען ענטשטא־נען נאָך זייער אָנקומען און וועלכע ווילען אזוי צוריק־

געשיקט ווערען; ער זאל באשטימען רעגעלען פאר דעם
ארייִנקומען און איבערזיכט איבער פרעמדע וועלכע
קומען נאָך די פאראייניגטע שטאאטען פון אָדער דורך
קענעדע און מעקסיקאָ, כדי מען זאָל ניט אוננויטיג
פארשפעטיגען, שטערען אָדער באלעסטיגען פערזאָנען
אין געוועהנליכען רייזע-פארקעהר צווישען די פאראיי-
ניגטע שטאאטען און די דערמאָנטע לענדער, און זאָל
האָבען די מאכט צו שליסען קאָנטראקטען מיט
טראנספאָרטאציאָנס ליניען פאר דעם דערמאָנטען
צוועק. עס זאָל זיין די פליכט פון הויפט-קאָמיסאר פון
אימיגראציאָן צו באשטימען בעאמטע פון דער אימי-
גראציאָנס דינסט פון צייט צו צייט ווי עס וועט זיין
נויטיג, לויט זיין מיינונג, צו קריגען אינפאָרמאציע
וועגען די צאָהל פון פרעמדע, וועלכע זיינען פארהאל-
טען אין געפענגניסע, אויסבעסערונגס אנשטאלטען,
אָדער צדקה אינסטיטוציאָנען (קהל׳שע אָדער פריוואַ-
טע) פון די פארשיעדענע שטאאטען און טעריטאָריעס,
דער דיסטריקט אָוו קאָלאָמביא (דער באצירק וואָס
נעמט אריין וואשינגטאָן, די הויפט שטאָדט פון די
פאראייניגטע שטאאטען, און די אומגעגענד), און אנ-
דערע טעריטאָריע פון די פאראייניגטע שטאאטען און
אָנצוזאָגען די באאמטע פון אזעלכע אינסטיטוציאָ-
נען וועגען די באשטימונגען פון געזעץ צו דער צוריק-
שיקונג פון פרעמדע וועלכע פאלען צו לאסט אויף קהל.
ער קאָן, מיט דער צושטימונג פון ארבייטס מיניסטער,
ווען אזא שריט איז לויט זיין מיינונג נויטיג צו ערריי-
כען דעם ציעל פון דיזען געזעץ, באשטימען אימיגרא-
ציאָנס בעאמטע צו דינען אין פרעמדע לענדער, און
אויף זיין פארלאנג, מיט דער צושטימונג פון ארבייטס
מיניסטער, קאָן דער פינאנץ מיניסטער, (סעקרעטערי
אָוו דהי טרעזשורי) באשטימען מעדיצינישע בעאמטע

פון'ם פאָלקס געזונדהייטס אמט פון די פאראייניגטע שטאאטען, צו ערפילען פליכטען אין פרעמדע לענדער, אין פארבינדונג מיט דער דורכפיהרונג פון דיזען גע־זעץ. די פליכטען פון די אימיגראציאָנס קאָמיסארען און אנדערע אימיגראציאָנס בעאמטע וואָס האָבען די אויפזיכט אין געגענדען, האפענס, אָדער סטאנציאָנען זאָל זיין פון אן אדמיניסטראטיווען כאראַקטער, וואָס זאָל אין איינצעלהייטען באשטימט ווערען דורך רע־גולאציאָנען וואָס זאָלען פארפערטיגט ווערען אונטער דער דירעקציאָן אָדער מיט דער צושטימונג פון אר־בייטס מיניסטער. קיין פערזאָן, געזעלשאפט, אָדער טראנספּאָרטאציאָנס ליניע וואָס גיט זיך אָפּ מיט פיה־רען פרעמדע פאסאזשירען פאר באלוינונג, פון קענעדע אָדער מעקסיקאָ נאָך די פאראייניגטע שטאאטען, סאַי איבער'ן לאנד און סאַי איבער'ן וואסער, זאָל ערלויבט ווערען צו לאנדען אירגענד וועלכע אזעלכע פאסאזשי־רען אין די פאראייניגטע שטאאטען אָהן באזאָרגען פאר זיי פאסענדע און אנערקענטע לאנדונגס־סטא־ציאָנען, אין באקוועהמע פלעצער, ביי דעם פונקט אָדער פונקטען פון אריינפאָהר אָרט. דער הויפּט קאָ־מיסאר פון אימיגראציאָן ווערט דערביי אויטאָריזירט און באפאָלמעכטיגט צו באשטימען די באדינגונגען, ניט אין ווידערשפּרוך מיט'ן געזעץ, אונטער וועלכע די אויבענדערמאָנטע לאנדונגס־סטאציאָנען זאָלען באטראכט ווערען אלס פאסענד לויט דער באדייטונג פון דיזער אפּטיילונג. אירגענד וועלכע פערזאָן, געזעל־שאפט אָדער טראנספּאָרטאציאָנס ליניע וואָס לאנדעט א פרעמדען פאסאזשיר אין די פאראייניגטע שטא־אטען און קומט ניט נאָך די פאָדערונגען וואָס זיינען דאָ איינגערעכענט זאָל באטראכט ווערען אלס איבער־טרעטער פון דער אכטער אפּטיילונג פון דיזען געזעץ,

און ווען געפונען שולדיג זאָלען זיי זיין אונטערוואָר־
פען אונטער דער שטראָף וואָס איז דאָרט באשטימט.
פאר דעם צוועק צו מאכען ווירקזאם די באשטימונגען
פון דיזער אפטיילונג אין באצוג צו באשיצען פרעמדע
נעגען שווינדעל און פארלוסט, און אויך די באשטי־
מונגען פון דער 30טער אפטיילונג פון דיזען געזעץ
אין באצוג צו דער פארטיילונג פון פרעמדע, זאָל דער
ארבייטס מיניסטער עטאבלירען און אויסהאלטען אי־
מיגראנטען סטאציאָנען אין אזעלכע אינלענדישע פלע־
צער וואו עס קאן זיין נויטיג, און, לויט דער אנזיכט
פון דעם דערמאָנטען מיניסטער זאָלען פרעמדע וועלכע
פאָהרען פון לאנדונגס־האפענס נאָך אזעלכע אינלענ־
דישע סטאציאָנען באגלייט ווערען פון אימיגראנטען־
אינספעקטאָרס. ביים באשטימען רעגעלן און מאכען
קאָנטראקטען פאר דעם אריינקומען און איבערזיכט
איבער פרעמדע, וועלכע זוכען אריינצוקומען פון אָדער
דורך פרעמדע טעריטאָריע, וועלכע גרעניצט זיך מיט
די פאראייניגטע שטאאטען, זאָל א פאסיגע פאָרזיכ־
טיגקייט באנוצט ווערען אויסצומיידען אירגענד וועל־
כע אויסנאמס־האנדלונג צו גונסטען פון אויסלענדישע
טראנספאָרט געזעלשאפטען וועלכע פיהרען צו אזא
טעריטאָריע פרעמדע, וועלכע פאָהרען נאָך די פאראיי־
ניגטע שטאאטען, און אלע אזעלכע טראנספאָרטא־
ציאָנס געזעלשאפטען זאָלען מוזען, אלס קאָנדיציאָן
וואָס מוז ערפילט ווערען פאר דער איבערזיכט אָדער
פארהער אונטער אזעלכע רעגעלען און קאָנטראקטען
אין די האפענס פון אזא פרעמדע טעריטאָריע פאר
פרעמדע וועלכע זיינען פון זיי אהין געבראכט געוואָ־
רען, זיך צו אונטערווארפען און נאָכצוקומען אלע
פאָדערונגען פון דיזען געזעץ וואָס וואָלט אָנגעווענדעט
געוואָרען אין פאל זיי וואָלטען די פרעמדע געבראכט

דירעקט נאָך האפּענס פון די פאראייניגטע שטאאטען, און נאָכדעם ווי דער געזעץ־געהט אריין אין קראפט זאָל קיין פרעמדער וואָס ווינשט אריינצוקומען פון א פרעמדע שכנ'שע טעריטאָריע זיין ערלויבט אריינצו־קומען אין די פאראייניגטע שטאַאטען סיידען ער איז געבראכט געוואָרען נאָך אזא טעריטאָריע דורך א טראַנספּאָרטאציאָנס קאָמפּאני וואָס האָט זיך אונטער־וואָרפען און איז נאָכגעקומען אלע פאָדערונגען פון די־זען געזעץ, אָדער אז ער איז אריין, אָדער האָט גע־וואוינט אין אזא טעריטאָריע מעהר ווי צוויי יאָהר פריהער פאר דעם טאָג ווען ער האָט געמאכט זיין ביטע אריינגעלאָזען צו ווערען אין די פאראייניגטע שטאאטען.

---

## די אָנשטעלונג פון אימיגראציאָנס באאמטע.

אָ פּ ט י י ל ו נ ג 24. אימיגראנטען אינ־ספּעקטאָרס און אנדערע אימיגראציאָנס בעאמטע, גע־הילפען, און אָנגעשטעלטע זאָלען פון איצט אן באַ־שטימט ווערען און זייער געהאלט זאָל פעסטגעשטעלט ווערען אָדער געהעכערט אָדער פארקלענערט ווערען פון צייט צו צייט דורך דעם ארבייטס מיניסטער, אויף דער רעקאָמענדאציע פון הויפּט קאָמיסאר פון אימי־גראציאָן און אין איינקלאנג מיט די באשטימונגען פון דעם ציוויל־דיענסט געזעץ פון'ם 16טען יאנואר, 1883. דער דערמאָנטער מיניסטער ביים ארויפצווינ־גען דעם טייל פון געזעץ וואָס שליסט אויס קאָנטראקט ארבייטער און באאיינפלוסטע און געהאָלפענע אי־מיגראנטען קאָן באשעפטיגען, פאר אזעלכע צוועקען און פאר איינצעלהייטען אויף ספּעציעלע דיענסטע אונטער דיזען געזעץ ווען זיי זיינען ניט ענגאזשירט

פאר דיזען צוועק, אָהן זיך צו קימערען וועגען די באַ־
שטימונגען פון דם דערמאָנטען ציוויל־דינסט געזעץ,
אָדער וועגען די פארשידענע געזעצע אין באצוג צו
דער זאמלונג פון דאָקומענטען פון אָפיציעלען רעגי־
סטראר, אזעלכע פערזאָנען וואָס ער קאָן באטראכטען
פאר ראטהזאם און פון צייט צו צייט פעסטשטעלען,
העכערען, אָדער פארקלענערען זייער געהאלט. ער קאָן
נעמען יעהרליך פון דאָס געלד וואָס איז באוויליגט
פאר דער דורכפיהרונג פון דיזען געזעץ, הונדערט טוי־
זענד דאָלאר, אָדער אזוי פיעל דערפון וויפיעל עס איז
נויטיג, אויסצוגעבען אויף די געהאלטען און הוצאות
פון פערזאָנען וועלכע זיינען אזוי באשעפטיגט און פאר
הוצאות וואָס האָבען צו טאָן מיט אזא באשעפטיגונג.
און די בוכהאלטעריע בעאמטע פון פינאנץ מיני־
סטעריום זאָלען פארשרייבען צו דעם קרעדיט
פון דעם בעאַמטען וואָס האָט דאָס געלד אויסגעגע־
בען די הוצאות פון דער דערמאָנטער סומע אָהן
פרטים, נוען דער ארבייטס מיניסטער באַשטעטיגט אַז
א חשבון מיט אַלע פרטים וואָלט ניט זיין פאר די
בעסטע אינטערעסען פון דער רעגירונג. קיין זאַך וואָס
ווערט דאָ געזאָגט זאָל אויסגעטייטשט ווערען צו ענ־
דערען די מעטאָדע פון באשטימען אימיגראציאָנס קאָ־
מיסארען אין די פארשידענע האפענס פון די פאראייי־
ניגטע שטאאטען ווי עס איז באשטימט פון דעם געזעץ
וועגען די פארשידענע ציוויל געלד באוויליגונגען (סאָנ־
דרי סיוויל אפראָפּריאיישאן עקט) וואָס איז גוטגעהיי־
סען געוואָרען דעם 18טען אויגוסט 1864, אָדער די
אָפיציעלע שטעלונג פון אזעלכע קאָמיסארען וואָס
זיינען פריהער באשטימט געוואָרען.

א פ ט י י ל ו נ ג 25. די באצירקס־געריכטען פון די פאראייניגטע שטאאטען ווערען באפאָלמעכטיגט מיט פולער אורטיילס קראַפט איבער אַלע פּראָצעסען, ציווילע און קרימינעלע, וואָס קומען ארויס אונטער אירגענד וועלכע פון די באשטימונגען פון דיזען געזעץ. עס זאָל זיין די פליכט פון דעם באצירקס פּראָקוראָר פון די פאראייניגטע שטאַאטען (יונייטעד סטייטס דיסטריקט אטוירני) פון דעם געהעריגען באצירק, אָנ־צופיהרען אַזאַ פּראָצעס ווען דאָס ווערט געבראַכט פון די פאראייניגטע שטאאטען אונטער היזען געזעץ. אזעלכע אנקלאגען אָדער פּראָצעסען קאָנען אריינגע־בראכט ווערען פון אירגענד וועלכען פּלאַץ אין די פאר־איינינגטע שטאאטען אין וועלכען די איבערטרעטונג קומט פאָר אָדער אין וועלכען עס ווערט געפונען די פערזאָן וואָס איז באשולדיגט אין אזא איבערטרעטונג. קיין פּראָצעס אָדער אנקלאגע פאר אן איבערטרעטונג פון די באשטימונגען פון דיזען געזעץ זאָל געשליכטעט ווערען, קומען צו א פּשרה אָדער אויפגעגעבען ווערען אָהן דער צושטימונג פון דעם געריכט אין וועלכען עס דארף ענטשיידעט ווערען, און וואו עס איז פארצייכענט מיט די אורזאכען דערפון.

---

## פּריווילעגיעס אין באצוג צו די באדערפניסע פון אימיגראנטען.

א פ ט י י ל ו נ ג 26. אַלע אויסשליסליכע פּריווילעגיעס פון אויסבייטען געלד, אריבערפיהרען פּאסאזשירען אָדער באגאזש, אָדער האלטען עס־פּלע־צער, און אַלע אנדערע עהנליכע פּריווילעגיעס אין פאר־בינדונג מיט אירגענד וועלכע אימיגראנטען סטאציאָן

פון די פאראייניגטע שטאאטען, זאָלען אוועקגעגעבען ווערען צו דעם וואָס באַט אָן דיזע דינסטע פאר דעם קלענסטען פרייז אויב ער איז פאראנטוואָרטליך און פעהיג, נאָך אן עפענטליכע קאָנקורענץ וועגען וועלכע א מעלדונג איז געמאכט געוואָרען פאר א פעריאָדע פון צוויי וואָכען אין צוויי צייטונגען וואָס האָבען אן אלגעמיינע צירקולאציאָן. די קאָנקורענץ־באָטונג פאר דיזע פריווילעגיען זאָל זיין אונטערוואָרפען אונטער די קאָנדיציאָנען און באשרענקונגען וואָס דער הויפט קאָמיסאר פון אימיגראציאָן, אונטער דער דירעקציאָן און מיט דער צושטימונג פון ארבייטס מיניסטער, קאָן באַשטימען, און אלע איננאהמען וואָס קומען ארוים פון אוועקגעבען דיזע פריווילעגיעס זאָלען איבערגעגעבען ווערען אין דער קאסע פון די פאראייניגטע שטאאטען. קיין קאָנטראקט אזעלכער זאָל איבערגעגעבען ווערען צו א ניט־בירגער. קיין אָנ'שיכור'ענדע משקאות טאָרען פארקויפט ווערען אויף אירגענד וועלכע אימיגראציאָנס סטאַנציאָנען.

---

## אימיגראַציאָנס סטאַנציאָנען אונטער קאָנטראָל פון שטאַאט־געריכטען.

אפטייל ונג 27. צוליעב דער אויפהאלטונג פון פרידען און כדי ארעסטען זאָלען קאָנען געמאכט ווערען פאר פארברעכען אונטער די געזעצע פון די שטאאטען און טעריטאָריעס פון די פאראייניגטע שטאאטען וואו די פארשידענע אימיגראציאָנס סטאַנציאָנען געפינען זיך, זאָלען די בעאמטע וועלכע האָבען די אויפזיכט אויף אזעלכע סטאציאָנען, ווען די געלעגענהייט פאָדערט, ארייגלאָזען אהין די געהעריגע שטאאט און שטאָדטישע בעאמטע וועמעס אויפגאבע עס איז ארויפ־

צוצווינגען אזעלכע געזעצע, און פאר דעם צוועק פון דיזער אפטיילונג זאָל די געריכטליכע מאַכט פון אזעלכע בעאמטע און פון די אָרטיגע געריכטען זיך באַציהען אויף אזעלכע סטאַציאָנען.

---

## שווערע שטראָף פאר העלפען אַנאַרכיסטען אריינצוקומען אין לאַנד.

אפטיילונג 28. אירגענד וועלכע פערזאָן וואָס העלפט במזיד אירגענט וועלכען אנארכיסט אָדער אירגענד וועלכער פערזאָן וואָס גלויבט אין אָדער אַגיטירט צו שטירצען איבער געוואלט די רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאאטען, אָדער וועלכע גלויבט ניט אין אָדער איז געגען אָרגאַניזירטע רעגירונג, אָדער אלע פאָרמען פון געזעץ, אָדער וועלכער אגיטירט צו ערמאָרדען פאָלקס בעאמטע, אָדער וועלכער איז א מיטגליד פון אירגענד וועלכער אָרגאניזאציע וואָס גלויבט ניט אָדער לערנט אונגלויבען אין אָדער געגנערשאפט צו אָרגאניזירטע רעגירונג, אָדער וואָס אגיטירט אָדער לערענט די פליכט, די נויטווענדיגקייט אָדער פאסיגקייט פון אונגעזעצליך אָנגרייפען אָדער טויטען אירגענד וועלכען בעאמטען אָדער בעאמטע, סאי ספּעציעלע יחידים און סאי בעאמטע אין אלגעמיין, פון דער רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאַאטען אָדער פון אירגענד וועלכער אָרגאניזירטער רעגירונג, צוליעב זיין אָדער זייער אפיציעלען כאראקטער, אריינצוקומען אין די פאראייניגטע שטאַאטען, אָדער וועלכער מאַכט זיך ניט זעהענדיג אָדער מאַכט א פארשווערונג מיט אירגענד וועלכער פערזאָן אריינצוקריגען אָדער צו ערלויבען אריינצוקומען אזא אנארכיסט אָדער אויבענדערמאָנטע פערזאָן אין די פאראייניגטע שטאַאטען, זאָל באטראכט

ווערען אלס שולדיג אין א פארברעכען און ווען ער ווערט דערפאר פאראורטיילט זאָל ער באַשטראָפט ווע־רען מיט א געלד שטראָף פון ניט מעהר ווי 5,000 דאלאר אָדער מיט געפענגניס אויף ניט מעהר ווי פינף יאָהר, אָדערביידע צוזאַמען.

אירגענד וועלכע פערזאָן, וואָס העלפט במזיד איר־גענד וועלכען פרעמדען, וועלכער אגיטירט אָדער לע־רענט די אונגעזעצליכע פארניכטונג פון אייגענטום אריינצוקומען אין די פאראייניגטע שטאַאטען, זאָל באטראכט ווערען אלס שולדיג אין שלעכטע אויפ־פיהרונג און ווען ער ווערט דערפאר פאראורטיילט, זאָל ער באשטראפט ווערען מיט א געלד שטראָף פון ניט מעהר ווי טויזענד דאלאר, אָדער מיט געפענגניס אויף ניט מעהר ווי 6 מאָנאט, אָדער מיט ביידע צו־זאמען.

---

## צו רעגולירען אין אויסלאַנד די איינוואַנדערונג נאָך די פאראייניגטע שטאַאטען.

אפטיילונג 29. דער פרעזידענט פון די פאראייניגטע שטאַאטען איז אויטאָריזירט אין דעם נאָמען פון די פאראייניגטע שטאַאטען צו פאררופען ווען ער געפינט פאר ראטזאַם אן אינטערנאציאָנאלען קאָנפערענץ, וואָס זאָל זיך צוזאמענקומען אין א פלאַץ, וועגען וועלכען מען וועט זיך אייניגען, אָדער צו שיקען ספעציעלע קאָמיסארען נאָך אירגענד וועלכע פרעמדע לאַנד, מיט דעם צוועק צו רעגולירען דורך אן אינטער־נאציאָנאלען אָבמאַך, וואָס זאָל זיין אונטערוואָרפען אונטער דער בעראטונג און הסכמה פון סענאַט, די אי־מיגראציאָן פון פרעמדע נאָך די פאראייניגטע שטאַא־טען; צו זאָרגען פאר די גייסטיגע, מאָראלישע און פי־

זישע אונטערזוכונג פון אזעלכע פרעמדע דורך אמערי־
קאנער קאָנסולען אָדער אנדערע באאמטע פון דער רע־
גירונג פון די פאראייניגטע שטאאטען אין די ארויס־
פאָהר־האפענס, אָדער אנדערשוואו; צו קריגען די
הילף פון אויסלענדישע רעגירונגען אין זייערע אייגענע
טעריטאָריעס צו פארהיטען די אויסמיידונג פון די גע־
זעצע פון די פאראייניגטע שטאאטען וועגען איינוואנ־
דערונג נאָך די פאראייניגטע שטאאטען; צו שליסען
אזעלכע אינטערנאציאָנאלע אָבמאכען, וואָס קאָנען זיין
פאסיג צו פארהיטען די איינוואנדערונג פון פרעמדע,
וועלכע זיינען אָדער קאָנען ווערען, לויט די געזעצע פון
די פאראייניגטע שטאאטען, אויסגעשלאָסען פון ארייג־
קומען אין די פאראייניגטע שטאאטען, און צו דער רע־
גולאציאָן פון אירגענד וועלכער אנגעלעגענהייט וואָס
האָט א שייכות צו אזא איינוואנדערונג.

---

## אינפאָרמאציע פאר אימיגראנטען.

א פ ט י י ל ו נ ג 30. עס זאל אויסגעהאלטען
ווערען א דיוויזיע פאר אינפארמאציאָן אין דער ביוראָ
פון אימיגראציאָן, און דער ארבייטס מיניסטער זאל
באזאָרגען אנגעשטעלטע און אנדערע הילף וואָס קאָן
זיין נויטיג. עס זאל זיין די פליכט פון דער דערמאָנטער
דיוויזיע צו ערמוטיגען א גינסטיגע פארטיילונג פון
פרעמדע וואָס ווערען ארייגעלאָזען אין די פאראייניג־
טע שטאאטען צווישען די שטאאטען און טעריטאָריעס,
וואָס ווינשען אימיגראציאָן. קאָרעספאָנדענץ זאל גע־
פיהרט ווערען מיט די געהעריגע באאמטע פון די
שטאאטען און טעריטאָריעס, און די דערמאָנטע דיווי־
זיע זאָל זאמלען פון אלע צוגענגליכע קוועלען ניצליכע
אינפארמאציאָן אין באצוג צו די נאטירליכע רייכטי־

מער, פראָדוקטען, און פיזישע מעלות פון יעדען שטאַאט און טעריטאָריע, און זאל פארעפענטליכען אזא אינפארמאציע אין פארשידענע שפראכען און פארטיי־לען דיזע בראָשורען צווישען אריינגעלאָזענע פרעמדע אין די אימיגראנטען־סטאנציאָנען פון די פאראייניגטע שטאַאטען און צו אזעלכע אנדערע פערזאָנען, וואָס ווינשען דאָס זעלבע. ווען אירגענד וועלכער שטאַאט אָדער טעריטאָריע באשטימט און האלט אויס אן אגענט אָדער אגענטען איהם צו פארטרעטען אין איינע פון די אימיגראנטען־סטאנציאָנען פון די פאראייניגטע שטאַאטען, זאָלען אזעלכע אגענטען האָבען, אונטער באשטימטע רעגולאציאָנען פון הויפט־קאָמיסאר פון אימיגראציאָן מיט דער צושטימונג פון ארבייטס מי־ניסטער, צוטריט צו פרעמדע, וועלכע זיינען אריינגע־לאָזען געוואָרען אין די פאראייניגטע שטאַאטען מיט דעם צוועק פאר זיי פארצולייגען, מינדליך אָדער שריפטליך, די ספּעציעלע הנחות וואָס יעדער סטייט אָדער טעריטאָריע באָט אָן פרעמדע זיך דאָרט צו באַ־זעצען. ווערהענד זיי זיינען אויפ'ן פּאָסטען אין איר־גענד וועלכער אימיגראנטען־סטאנציאָן, זאָלען אזעלכע אגענטען זיין אונטערווארפען אלע רעגולאציאָנען, וואס זיינען פארגעשריבען פון הויפּט־קאָמיסאר פון אימי־גראציאָן, וועלכער, מיט דער צושטימונג פון ארבייטס מיניסטער, קען, פאר די אינטערעסען פון אירגענד וועל־כע פון אזעלכע רעגולאציאָנען, ענטזאגען דעם אגענט, וועלכער איז שולדיג אין איבערטרעטען אירגענד וועלכע פון די פּריווילעגיען, וואָס ווערען דאָ באַ־וויליגט.

שווערע שטראָף פאַר אריינשמוגלען און אימי־גראַנט אַלס מאַטראָז.

א פ ט י י ל ו נ ג 31. אירגענד וועלכע פערזאָן, דארונטער דער אייגענטימער, אגענט, דער יעניגער, צו וועמען די שיף איז אדרעסירט, אָדער דער קאפּיטאַן פון אירגענד וועלכער שיף, וואָס קומט אריין אין די פאראייניגטע שטאַאטען פון וועלכען עס איז אויסלענ־דישען האפען אָדער פּלאַץ, וועלכער וועט במזיד אונ־טערשרייבען אויף דער שיף׳ס ליסטע אָדער ברייננען נאָך די פאראייניגטע שטאַאטען אלס איינעם פון דער מאַנשאַפט פון אזא שיף אירגענד וועלכען פרעמדען מיט דער אבזיכט צו לאָזען אזא פּרעמדען לאַנדען אין די פאראייניגטע שטאַאטען אין איבערטרעטונג פון די געזעצע און טראַקטאַטען פון די פאראייניגטע שטאַא־טען וועגען רעגולירען די איינוואנדערונג פון פרעמדע, אָדער וועלכער וועט פאַלש און במזיד פארשטעלען צו די אימיגראציאָנס באאמטע אין אריינפאָהר־האפען, אז אירגענד אַזעלכער פרעמדער איז א געזעצליכער מיטגליד פון דער מאַנשאַפט, זאָל זיין אונטערוואָרפען אונטער א שטראף פון ניט מעהר ווי 5,000 דאלאר, פאר וועלכער סומע די דערמאָהנטע שיף זאָל זיין פאראנטוואָרטליך און קאָנען פארכאַפט און פארקלאַגט ווערען אין אירגענד וועלכען ראַיאָן־געריכט פון די פאראייניגטע שטאַאטען, וואָס האָט די יוריסדיקציע איבער אזא זינד.

---

די לאַנדונג פון פרעמדע מאַטראָזען.

א פ ט י י ל ו נ ג 32. קיין פרעמדער, וועלכער איז אויסגעשלאָסען פון אריינגעלאָזען צו ווערען אין די פאראייניגטע שטאַאטען דורך אירגענד וועלכען געזעץ,

אָבמאַך אָדער טראַקטאַט פון די פאַראייניגטע שטאַטען צו רעגולירען די איינוואַנדערונג פון פרעמדע, וועלכער איז באַשעפטיגט אויף אירגענד וועלכע שיף, וואָס קומט אָן אין די פאַראייניגטע שטאַאַטען פון אירגענד וועלכען אויסלענדישען האַפען אָדער פּלאַץ זאָל זיין ערלויבט צו לאַנדען אין די פאַראייניגטע שטאַאַטען, אויסער צייטווייליג פאַר מעדיצינישע באַהאַנדלונג אָדער אין איינקלאַנג מיט רעגולאַציאָנען, וואָס זיינען פאַרגעשריבען פון ארבייטס מיניסטער, וואָס באַשטימט די ענדליכע באַזייטיגונג אָדער צוריקשיקונג פון אַזעלכע פרעמדע פון די פאַראייניגטע שטאַאַטען, און די פאַרנאַכלעסיגונג פון דעם איינענטימער, אַגענט, דער יעניגער צו וועמען די שיף איז אַדרעסירט, אָדער פון קאַפּיטאַן פון אַזא שיף צו פאַרהאַלטען אויף דער שיף אַזא פרעמדען נאָך א שריפטליכע מעלדונג פון דעם אימיגראַנטען־באַאַמטען אָדער פון ארבייטס מי־ניסטער, זאָל אונטערוואַרפען אַזא איינענטימער, אַגענט, דעם יעניגען צו וועמען די שיף איז אַדרעסירט, אָדער קאַפּיטאַן צו א שטראָף אויף ניט מעהר ווי 1,000 דאָלאַר, פאַר וועלכער סומע די דערמאָהנטע שיף זאָל קאָנען געהאַלטען ווערען פאַראַנטוואָרטליך און קאַן פאַרקאַפט און פאַרקלאָגט ווערען אין אירגענד וועלכען ראַיאָן־געריכט פון די פאַראייניגטע שטאַאַטען, וואָס האָט די יוריסדיקציע איבער אַזא זינד.

א פ ט י י ל ו נ ג 33. עס זאָל זיין אונגעזעצליך און באַטראַכט ווערען אלס אן איבערטרעטונג פון דער פאָריגער אַפּטיילונג אָבצוצאָהלען אָדער צו ענטלאַסען אירגענד וועלכען פרעמדען, וועלכער איז באַשעפטיגט אויף אירגענד וועלכע שיף, וואָס קומט אָן אין די פאַר־אייניגטע שטאַאַטען פון אירגענד וועלכען אויסלענדי־שען האַפען אָדער פּלאַץ, סיידען ער איז געזעצליך

אריינגעלאָזען אין איינקלאנג מיט די געזעצע און טראַקטאַטען פון די פאראייניגטע שטאַאַטען, וואָס רע־גולירען די איינוואנדערונג פון פרעמדע. אין פאַל איר־גענד אזעלכער פרעמדער וויל פאהרען צוריק אויף איר־גענד אַנדער שיף, וואָס פאָהרט צו אירגענד אויסלענ־דישען האַפען אָדער פלאַץ, זאָל ער ערלויבט ווערען צו לאַנדען מיט דעם צוועק אזוי צוריקצופאָהרען, אונטער אזעלכע רעגולאַציאָנען, וואָס דער ארבייטס מיניסטער מעג פאָרשרייבען צו פארהיטען פרעמדע, וואָס דארפען ניט אריינגעלאָזען ווערען אונטער אירגענד וועלכען געזעץ, אָבמאַך אָדער טראַקטאַט פון פארבלייבען אויף שטענדיג אין די פאראייניגטע שטאַאַטען, און קאַן אב־געצאָהלט ווערען, ענטלאַסען, און ערלויבט ווערען צו־צונעמען זיינע זאַכען, ניט אַכטענדיג אויף אירגענד וואָס אין אזעלכע געזעצע אָדער טראַקטאַטען אָדער אין דיזען געזעץ, אויב א נויטיגע מעלדונג פון אזא גע־פלאַנטען שריט ווערט געגעבען פון קאַפיטאַן אָדער פון מאַטראָז אליין צו דעם הויפט אימיגראציאָנס בעאַמ־טען, וועלכער האַט אויפזיכט אויף דעם אריינפאָהר־האַפען.

א פ ט י י ל ו נ ג 34. אירגענד וועלכער פרעמ־דער מאַטראָז, וועלכער וועט לאַנדען אין א האַפען פון די פאראייניגטע שטאַאַטען געגען די באשטימונגען פון דיזען געזעץ זאָל באטראכט ווערען אלס אונגעזעצ־ליך אנוועזענד אין די פאראייניגטע שטאַאַטען, און זאָל צו אירגענד וועלכער צייט, אין פארלויף פון דריי יאָהר נאָכדעם, אויף אַן ארעסט באפעהל פון ארבייטס מיניסטער, געבראכט ווערען פאר א קאָמיטעט פון ספעציעלע נאַכפאָרשונגען פאר א פארהער וועגען זיין פאסיגקייט אריינגעלאָזען צו ווערען אין די פאראייניג־טע שטאַאַטען, און אויב ער ווערט ניט אריינגעלאָזען

זאָל דער דערמאָנטער מאַטראָז צוריקגעשיקט ווערען אויף די הוצאות פון דאָס געלד וואָס איז באוויליגט אויף דורכצופיהרען דיעזען געזעץ, ווי עס איז באַשטימט אין אפּטיילונג 20 אין דיזען געזעץ.

---

## א פאַרבאָט צו באַשעפטיגען משוגעים אָדער אנ־שטעקענדע קראַנקע אויף אַ שיף.

אפּטיילונג 35. עס זאָל זיין אונגעזעצליך פאר אירגענד וועלכע שיף, וואָס פיהרט פאסאזשירען, צווישען א האַפען פון די פאראייניגטע שטאאטען און א האַפען פון אן אויסלענדישע מדינה, ביים אָנקומען אין די פאראייניגטע שטאאטען, צו באשעפטיגען אויפ'ן שיף, אירגענד וועלכען פרעמדען, וואָס איז אָנגעשטעקט מיט אידיאָטסטוואָ, וואהנזיניגקייט, משוגעת, פאליגע (חולי־נופלים), שווינדזוכט אין אירגענד וועלכער פאָרמע אָדער א העסליכע אָדער א געפעהרליכע אנשטעקענדע קראנקהייט, אויב עס שטעלט זיך ארויס צו דער צופרידענהייט פון ארבייטס מיניסטער פון אן אונטערזוכונג, וואָס איז געמאכט פון א מעדיצינישען בעאמטען פון פאלקס געזונדהייטס אמט פון דער רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאאטען און ווערט אזוי באשטעטיגט פון אזא באאמטען, אז אירגענד אזעלכער פרעמדער איז געווען אזוי אנגעשטעקט אין דער צייט, ווען ער איז ארויסגעשיקט געוואָרען אָדער אנגעשטעלט און אויפגענומען אויף אזא שיף, און אז די עקזיסטענץ פון אזא קראנקהייט האָט גע־קאנט ענטדעקט ווערען דורך א געהעריגע מעדיצינישע אונטערזוכונג אין אזא צייט; און פאר יעדען פרעמ־דען אזעלכען, וואָס איז אזוי אָנגעשטעקט אויף אירגענד וועלכע שיף אין דער צייט פון אָנקומען זאָל דער איי־

גענטימער, אגענט, דער יעניגער צו וועמען די שיף איז אדרעסירט, אָדער דער קאפּיטאן, באצאָהלען צום איינמאָהנער פון אבצאָהל אין דעם ראיאָן, אין וועלכען דער ארייגפאָהר האפען געפינט זיך, די סומע פון $50, און ביז די שיף דארף אָבפאָהרען זאָל דער פרעמדער פארהאלטען ווערען און באהאנדעלט אין שפּיטאל אונטער דער אויפזיכט פון אימיגראציאָנס באאמטע אויף די הוצאות פון דער שיף; און קיין שיף אזא זאָל קריגען אבפאָהר־פּאפּירען איידער עס ווערט ענטשיידעט די פראגע וועגען דער שולדיגקייט צו באצאָהלען אזא שטראָף און וועהרענד די שטראָף אין אומבאצאָהלט. אָבפאָהר־פּאפּירען מעגען אָבער געגעבען ווערען איידער אזא פראגע ווערט ענטשיידעט ביים איינלעגען א סומע וואָס זאָל זיין גענוג צו דעקען אזא שטראָף. אזא שטראף מעג, לויט דער אנזיכט פון ארבייטס מיניסטער, בטל געמאכט ווערען אָדער צוריקגעצאָהלט ווערען.

---

## ליסטען פון אלע פרעמדע שיף־אָנגעשטעלטע.

אפּטיילונג 36. ביים אָנקומען פון אירגענד וועלכע שיף אין די פאראייניגטע שטאאטען פון אירגענד וועלכען אויסלענדישען האפען אָדער פלאץ זאָל עס זיין די פליכט פון'ם אייגענטימער, אגענט, דער יעניגער צו וועמען די שיף איז אדרעסירט, אָדער קאפּיטאן איבערצוגעבען צום הויפט אימיגראציאָנס באאמטען, וואָס האָט די אויפזיכט אין ארייגפאהר־האפען ליסטען, וואָס ענטהאלטען די נעמען פון אלע פרעמדע, וועלכע זיינען באשעפטיגט אויף אזא שיף, אָנגעבענדיג די שטעלען וואָס יעדער פון זיי פארנעמט אין דער שיף־געזעלשאפט, ווען און וואו זיי זיינען ארויסגעשיקט געוואָרען אָדער אנגעשטעלט געוואָרען און באטאָגען

וועגען די יעניגע, וואָס דאַרפן אָבגעצאָהלט און ענט־
לאַסען ווערען אין׳ם אַריינפאָהר האַפען; אָדער ליסטען
וואָס ענטהאַלטען אַזוי פיעל פון אַזאַ אינפאָרמאַציע
וויפיעל דער אַרבייטס מיניסטער קאָן באַשטימען דורך
אַ רעגולאַציאָן; און נאָך דעם אָנקומען פון אירגענד
וועלכער שיף אַזעלכע זאָל עס זיין די פליכט פון אַזאַ
אייגענטימער, אַגענט, דער יעניגער צו וועמען די שיף
איז אַדרעסירט, אָדער קאַפּיטאַן צו באַריכטען צו אַזאַ
אימיגראַציאָנס באַאַמטען שריפטליך, אַזוי שנעל ווי ער
געפינט עס אויס אַלע פעלע, אין וועלכע אירגענד
אַזעלכע פּרעמדע האָבען אונגעזעצליך געלאַנדעט פון
שיף, אַנגעבענדיג די באַשרייבונג פון אַזאַ פרעמדען, צו־
זאַמען מיט אירגענד וועלכע ידיעות וואָס קאָנען מעגליך
מאַכען איהם צו כאַפּען; און פאַר׳ן אָבפאָהרען פון איר־
גענד וועלכע שיף אַזעלכע, זאָל עס זיין די פליכט פון
אַזאַ אייגענטימער, אַגענט, דער יעניגער צו וועמען די
שיף איז אַדרעסירט, אָדער קאַפּיטאַן איבערצוגעבען צו
אַזאַ אימיגראַציאָנס באַאַמטען אַ ווייטערע ליסטע, וואָס
ענטהאַלט די אַלע נעמען פון אַלע פרעמדע אַרבייטער,
וועלכע זיינען ניט געוועזען באַשעפטיגט אויף דער שיף
ביי איהר אָנקומען אָבער וועלכע וועלען פאַרלאָזען דעם
האַפען צו דער צייט פון איהר אָבפאָהרען, און אויך
די נעמען פון די יעניגע, אויב עס זיינען פאַראַן אַזעל־
כע, וועלכע זיינען אָבגעצאָהלט און ענטלאַסען געוואָ־
רען, און פון די יעניגע, אויב עס זיינען פאַראַן אַזעלכע,
וועלכע האָבען דעזערטירט אָדער געלאַנדעט; און אין
פאַל פון פאַרנאַכלעסיגונג פון אַזאַ אייגענטימער,
אַגענט, דער יעניגער צו וועמען די שיף איז אַדרעסירט,
אָדער קאַפּיטאַן, אַזוי איבערצוגעבען אירגענד וועלכע
פון די דערמאָנטע ליסטען פון אַזעלכע פרעמדע,
וועלכע קומען אָן אָדער לאַנדען, זאָל אַזאַ אייגענטימער,

אַגענט, דער יעניגער צו וועמען די שיף איז אדרעסירט, אָדער קאַפּיטאַן, אויב דאָס ווערט געפּאָדערט פון אר־בייטס מיניסטער, באַצאָהלען צום איינמאָהנער פון אָבצאָהל אין׳ם ראַיאָן וואו דער אריינפאָהר־האַפען גע־פינט זיך, די סומא פון 10$ פאר יעדען פרעמדען, וועלכע גען וועמען ריכטיגע ליסטען זענען ניט איבערגעגעבען געוואָרען, אָדער א ריכטיגער באריכט ניט געמאַכט גע־וואָרען ווי עס ווערט אויבען געפּאָדערט; און קיין שיף אזעלכע זאָל קריגען אָבפאָהר פּאַפּירען איידער עס ווערט ענטשיידעט די פראגע פון דער שולדיגקייט פון באַצאָהלען אזא שטראָף, און, אין פאַל אזא שטראף ווערט ארויפגעלייגט, וועהרענד זי פארבלייבט אומ־באַצאָהלט, אזא שטראָף זאָל ניט צוריקגעצאָהלט אָדער צוריקגעגעבען ווערען. אָבפאָהר פּאַפּירען מעגען אָבער געגעבען ווערען איידער אזא פראגע ווערט ענטשיידעט ביים איינלייגען די סומא, וואָס איז גענוג צו דעקען אזא שטראף.

---

## יחיד און רבים אריינגערעכענט אין געזעץ.

א פ ט י י ל ו נ ג 37. דער ווארט „פּערזאָן“, ווי עס ווערט געברויכט אין דיזען געזעץ, זאָל אויסגע־טייטשט ווערען אריינצורעכענעןביידען, דעם יחיד און דעם רבים, ווי דער פאַל קאן זיין, און זאָל אריינרעכע־נען קאָרפּאָראַציאָנען, געזעלשאַפטען און פאראייניגונ־גען. ביים אויסטייטשען און ארויפצווינגען די באשטי־מונגען פון דיזען געזעץ, זאָל די האנדלונג, פארנאכלע־סיגונג, אָדער פעהלער פון אירגענד וועלכען דירעקטאָר, באַאמטען, אגענט, אָדער באשעפטיגטער פון אירגענד וועלכער קארפּאראציאָן, געזעלשאַפט אָדער פאראייני־גונג, וועלכער האַנדעלט אין די גרענעצען פון זיין בא־

שעפטיגונג אָדער אַמט, אין יעדען פאַל באַטראַכט ווע־
רען אלס די האנדלונג, פארנאכלעסיגונג אָדער פאַרזעהן
פון אזא קאָרפּאָראַציאָן, געזעלשאפט אָדער פאַראייני־
גונג, פונקט ווי די שולד פון דער פּערזאָן, וועלכע האנ־
דעלט פאר אָדער אין די אינטערעסען פון אזא קאָרפּאָ־
ראציאָן, געזעלשאפט אָדער פאראייניגונג.

אפטיילונג 38. אז דיזער געזעץ, אויסער
ווי עס איז אנדערש באצייכענט אין אבטיילונג דריי,
זאָל אריין אין קראַפט און זאָל ארויפגעצוואונגען ווע־
רען פון דעם ערשטען מאי אָן, אין יאָהר 1917, וואָס
ווייטער. דער געזעץ פון 26־טען מערץ, 1910, וואָס
אַמענדירט דעם געזעץ פון דעם 20־טען פעברואר,
1907, צו רעגולירען די איינוואנדערונג פון פרעמדע
אין די פאראייניגטע שטאַאטען; דער געזעץ פון דעם
20־טען פעברואר 1907 צו רעגולירען די איינוואנ־
דערונג פון פרעמדע אין די פאראייניגטע שטאַאטען,
אויסער אבטיילונג 34 דערפון; דער געזעץ פון 3־טען
מערץ, 1903, צו רעגולירען די איינוואנדערונג פון
פרעמדע אין די פאראייניגטע שטאַאטען, אויסער אפּ־
טיילונג 34 דערפון, און אלע אנדערע געזעצע און טיי־
לען פון געזעץ, וואָס זיינען ניט אין איינקלאַנג מיט
דיזען געזעץ, ווערען הירמיט צוריקגערופען פון דעם
טאָג אָן, ווען דיזער געזעץ געהט אריין אין קראַפט און
ווייטער. דיזער געזעץ זאָל אָבער ניט אויסגעטייטשט
ווערען צוריקצורופען, צו ענדערען, אָדער אַמענדירען די
עקזיסטירענדע געזעצע אין באצוג צו דער איינוואנדע־
רונג אָדער אויסשליסונג פון כינעזישע פּערזאָנען, אָדער
פּערזאָנען פון כינעזישער אפשטאַמונג, אויסער ווי עס
איז באשטימט אין אפּטיילונג 19 דערפון, אויך ניט
צוריקצורופען, צו ענדערען אָדער צו אַמענדירען אפּטיי־
לונג 6, קאַפּיטעל 453, דריטע זיצונג פון 58־טען קאָנ־

גרעס, וואָס איז גוטגעהייסען געוואָרען דעם 6־טען פעברואר, 1905, אויך ניט צוריקצורופען, צו ענדערען אָדער צו אמענדירען דעם געזעץ וואָס איז גוטגעהייסען געוואָרען דעם 2־טען אָגוסט, 1882, וואָס טראָגט דעם נאָמען „א געזעץ צו רעגולירען דאָס פיהרען פאַסאזשי־רען איבער'ן ים", און די אמענדיגרונגען דערצו. קיין זאַך אין דיזען געזעץ זאָל אָבער ניט אויסגעטייטשט ווערען צו באַריהרען אירגענד וועלכע אָנקלאגע, פּראָ־צעס, האַנדלונג אָדער שריטע, וואָס ווערען געמאַכט, אָדער אירגענד וועלכע האַנדלונג, זאַך, אָדער געגענ־שטאַנד, ציוויל אָדער קרימינאל, וואָס איז געטאָן גע־וואָרען אָדער וואָס עקזיסטירט אין דער צייט ווען דיזער געזעץ געהט אריין אין קראַפט, אויסער ווי עס איז באַצייכענט אין פּונקט 3 פון אַפּטיילונג 19; אָבער וואָס אנבאלאַנגט אלע אזעלכע אנקלאגען, פּראָצעסען, אקציאָן, שריטע, האַנדלונגען, זאַכען, געגענשטענדע אָדער אנגעלעגענהייטען, בלייבען די געזעצע אָדער טיילען פון די געזעצע וואָס ווערען צוריקגערופען אָדער אמענדירט דורך דיזען געזעץ הירמיט פאַרטגעזעצט אין קראַפט און ווירקונג.

## נייע רעזאלוציאנען וועגען דאס אריינ־קומען פון פרעמדע אין די פער־איינינגטע שטאאטען

(אנגענומען אקטאבער 1919).

א געזעץ נאך מעהר צו רעגולירען דאס אריינקומען פון פרעמדע אין די פאראייניגטע שטאאטען:

אויב דער פרעזידענט וועט געפינען אז די זיכער־הייט פון פאלק פאדערט אז באשריינקונגען און פאר־באטונגען אלס צוגאב צו די יעניגע וואס זיינען באַ־שטימט אין אנדערע געזעצע ווי דיזער זאלען ארויפ־געלייגט ווערען אויף דאס אריינקומען פון פרעמדע אין די פאראייניגטע שטאאטען, און ער וועט מאכען אן עפענטליכע ערקלערונג וועגען דעם, זאל עס, ביז דער פרעזידענט אדער דער קאנגרעס וועלען אנדרש באשטימען, זיין אונגעזעצליך —

א). פאר אירגענד וועלכען פרעמדען ארייןצוקומען אין די פאראייניגטע שטאאטען אויסער אונטער אזעל־כע מעסיגע רעגעלען, רעגולאציאנען, און באפעהלע, און אונטערווארפען אונטער אזעלכע פאספארטען, ווי־זירונג, אדער אנדערע באשרענקונגען און אויסנאמען וואס דער פרעזידענט קאן באשטימען;

ב). פאר אירגענד וועלכע פערזאן צו טראנספאר־טירען אדער פרובירען טראנספארטירען אין די פאר־איינינגטע שטאאטען אן אנדער פערזאן, וויסענדיג אדער מיט גענוג אורזאכע צו גלויבען אז דאס אריינ־

קומען פון אזא פערזאן איז פארבאָטען דורך דיזען געזעץ;

ג). פאר אירגענד וועלכע פערזאָן צו מאַכען בכיון אַ פאַלשע ערקלערונג אין אן אפּליקאציע פאר א פּאַספּאָרט אָדער אנדער ערלויבניש אריינצוקומען אין די פאראייניגטע שטאַאטען מיט דער כונה צו באַאיינפלוסען אָדער צו קריגען די באוויליגונג פון אזא ערלויבניש פאר זיך אליין אדער פאר אן אנדערן;

ד). פאר אירגענד וועלכע פערזאָן צוצושטעלען אָדער צו פרובירען צושטעלען אָדער העלפען אין צושטעלען פאר אן אנדערן א וויזירטען פּאספּאָרט אָדער אַנדער ערלויבניש אָדער באוויזע פון אן ערלויבניש אריינצוקומען, וואָס איז ניט ארויסגעגעבען געוואָרען פאר דעם געברויך פון אזא אנדער פערזאָן;

ה). פאר אירגענד וועלכען פערזאָן בכיון צו געברויכען אירגענד וועלכען וויזירטען פּאַספּאָרט אָדער אנדער ערלויבניש אָדער באווייזע פון אן ערלויבניש אריינצוקומען, וואָס איז ניט ארויסגעגעבען און באַשטימט פאר איהם;

ו). פאר אירגענד וועלכע פערזאָן צו פעלשען, נאָכמאַכען, טיילווייז פארניכטען, אָדער ענדערען אָדער פאראורזאכען עס זאל געפעלשט, נאָכגעמאַכט, טיילווייז פארניכטעט אָדער געענדערט ווערען אירגענד וועלכער פּאַספּאָרט אָדער ערלויבניש אָדער באווייזע פון אן ערלויבניש אריינצוקומען אין די פאראייניגטע שטאַאטען;

ז). פאר אירגענד וועלכע פערזאָן בכיון צו געברויכען אָדער פרובירען געברויכען אָדער צוצושטעלען פאר אן אנדערען צום געברויכען אירגענד וועלכען פאלשען, געפעלשטען, נאָכגעמאַכטען, טיילווייז פארניכטעטען אָדער געענדערטען פּאַספּאָרט, ערלויבניש

אָדער באַווייזע פון ערלויבניש וואָס, כאָטש אָריגינאַל זיינען זיי געווען געזעצליך, זיינען זיי געוואָרען אָדער געמאַכט געוואָרען בטל אָדער אונגעזעצליך.

אַ פּ ט י י ל ו נ ג 2. אָירגענד וועלכע פּערזאָן, וועלכע וועט במזיד איבערטרעטען אירגענד וועלכע פון די באַשטימונגען פון דיזען געזעץ אָדער פון אירגענד וועלכען באַפעהל אָדער פּראָקלאַמאַציע פון פּרעזידענט, אָדער פון אירגענד וועלכע ערלויבניש, רעגעל, אָדער רעגולאַציאָן וואָס איז ארויסגעגעבען געוואָרען אונטער זיי, זאָל, ווען געפונען שולדיג, באַשטראָפט ווערען מיט ניט מעהר ווי מיט 5,000 דאָלאַר, אָדער אויב דער איבערטרעטער איז אַ נאַטירליכע פּערזאָן קאָן ער באַשטראָפט ווערען מיט געפענגניש אויף ניט מעהר ווי 5 יאָהר, אָדער ביידע צוזאַמען; און דער באַאמ־טער, דירעקטאָר אָדער אגענט פון אירגענד וועלכע קאָרפּאָראַציאָן, וועלכער וועט בכיון זיך באַטייליגען אין אזא איבערטרעטונג, זאָל באַשטראָפט ווערען מיט אַן עהנליכע שטראָף פון געלד אָדער געפענגניש אָדער ביידע צוזאַמען; און אירגענד וועלכער פאַרקעהר־מיטעל אָדער שיף, צוזאַמען מיט אַלעם וואָס באַלאַנגט צו איהר, די אויסשטאַטונג, אַפּאַראַטען, און מעבעל, וואָס האָבען אַ שייכות מיט אַזאַ אירגענד וועלכע אי־בערטרעטונג, זאָל איבערגעהן צו די פאַראייניגטע שטאַאַטען.

אַ פּ ט י י ל ו נ ג 3. די ווערטער „פאַראייניגטע שטאַאַטען" ווי זיי ווערען געברויכט אין דיזען געזעץ נעמען אריין דעם פּאַנאַמאַ קאַנאַל ראַיאָן און אַלע טער־ריטאָריעס און וואַסערן, אינלענדישע אָדער אינזלען, וואָס זיינען אונטערוואָרפען דער יוריסדיקציע פון די פאַראייניגטע שטאַאַטען.

דער וואָרט „פּערזאָן" ווי ער ווערט באַנוצט אין

דיזען געזעץ זאל באטראכט ווערען צו מיינען אירגענד וועלכען יחיד, שותפות, פאראייניגונג, געזעלשאפט, אדער אנדער ניט־אינקארפארירטע קערפערשאפט פון יחידים, אדער קארפאראציאן, אדער שטאאט.

אפטיילונג 4. כדי דורכצופיהרען די צוועקען און באשטימונגען פון דיזען געזעץ ווערט היר־מיט באוויליגט 600,000 דאלאר.

אפטיילונג 5. דיזער געזעץ זאל אריין אין קראפט אין דעם טאג ווען די באשטימונגען פון דעם געזעץ פון קאנגרעס וואס איז גוטגעהייסען געוואָ־רען דעם 22־טען מאי 1918, באקאנט אונטערן נאמען „א געזעץ צו פארהיטען אין צייט פון דער מלחמה דאס אבפאהרען פון און דעם אריינקומען אין די פאראיי־ניגטע שטאאטען, געגען די זיכערהייט פון פאלק", וועט ארויס פון קראפט, און זאל בלייבען אין קראפט און ווירקונג ביז און אריינרעכענענדיג דעם 4־טען טאג פון מערץ 1921.

# אינהאַלט פאַרצייכעניש.

זייטע

זייטע

זייטע

# Hebrew Sheltering and Immigrant Aid Society

## of America



Headquarters
229-231 East Broadway,
New York, N. Y.,
U. S. A.